ד״ר חיים זשיטלאָווסקי



# די בית שמאי
# און די בית הלל

(אַ צוטראָג צו דעם גייסטיקן קאַמף פון
דעם יידישן פאָלק פאַר זיין עקזיסטענץ)

א ר ו י ס ג ע ג ע ב ן   פ ו ן   ד ע ם
מיטלמערב ראַיאָן יידישע קולטור געזעלשאַפט

# הקדמה

דער גרונט־געדאַנק, וועלכן איך וויל אַרויסברענגען אין דער איצטיקער אַרבעט וועגן די בית־שמאי און די בית־הלל, איז שוין אָנגעמערקט געוואָרן אין מיין ערשטן ווערק וועגן יידי־שער געשיכטע, אין דער רוסישער שריפט: „געדאַנקען וועגן די היסטאָרישע שיקזאַלן פון דער יידנשאַפט", פון דעם יאָר 1887.

דעם בליק אויף די בית־שמאי האָב איך דעמאָלט אַרויסגע־טראָגן ניט פון שטודירן די תלמודישע קוואַלן. געגעבן אים האָבן מיר דער יידישער היסטאָריקער גרעץ, ווי אויך אַ גרעסערער אַרטיקל וועגן דער אַלט־יידישער געשיכטע, גע־שריבן פון דעם רוסישן דענקער ניקאָלאַי מיכאַי־לאָווסקי. יענער אַרטיקל האָט געבראַכט אַן איבערבליק איבער דעם ווערק פון אַ פראַנצויזיש־יידישן היסטאָריקער ז. ש. קאָהאַן — אַ צוויי־בענדיקע מאָנאָגראַפיע וועגן די פרושים.

מיכאַילאָווסקי האָט אָבער ניט נאָר גערעצענזירט קאָהאַנס שריפט, נאָר אויך וועגן פיל פרטים געגעבן זיינע אייגענע באַ־טראַכטונגען און קאָמענטאַרן.

אַ סך שפּעטער בין איך באַקענט געוואָרן מיט קאָהאַנס פראַנ־צויזישער אַרבעט. ס'איז אמת, זי מאַכט ניט דעם איינדרוק פון אַ זעלבסטשטענדיקער פאָרשונג לויט די תלמודישע קוואַלן, הגם זיי ווערן ציטירט אויף שריט און טריט. דעם מאַטעריאַל שעפּט ער באַשיינפּערלעך, דער עיקר, פון גרעצן און פון רענאַנס געשיכטלעך ווערק וועגן יענער עפּאָכע, דער עיקר פון רענאַנס ווערק: „דער אַנטי־קריסט".

מחמת אַט דעם טעם, מסתמא, רעכנט מען קאָהאַנען ניט אַריין צווישן די רייך־וויסנשאַפטלעכע ווערק. אַזוי פעהלט זיין ווערק „ליע פאַריסעאַן" (די פרושים) אין דער פולער ביבליאָ־גראַפיע וועגן זיי, וואָס פראָפעסאָר לואי פינקלשטיין האָט פאַר־עפנטלעכט צום סוף פון זיין ביידע צוויי־בענדיקן ווערק אין ענגליש וועגן דעמזעלביקן ענין.

ביי מיין גרעסטן דרך־ארץ צו די בקיאות און חריפות סיי פון די פרומע לאַמדאָנים, סיי פון די „היינט־וועלטיקע" גע־לערנטע, האַלט איך פאַרט, אַז אַזעלכע „וועלטלעך"־דענקענדיקע פאָרשער, ווי ע ר נ ס ט ר ע נ א ן, צי אַפילו אַזעלכע טאַלאַנטפולע פּ אָ ל י ט י ק ע ר און פּ ו ב ל י צ י ס ט ן, ווי זש. קאַהאַן, האָבן אַ ריכטיקערן ח ו ש פאַר דער היס־טאָרישער ווירקלעכקייט, איידער די טעאָלאָגישע ספּעציאַליסטן אין דער אַלט־אידישער ליטעראַטור, איידער די זיכערסטע שווימער אין דעם גרויסן „ים התלמוד", דעם „טאַלמודישן יאַם" — מיט אַלע נויטיקע מדרשים — שווימער, וואָס קאָנען אַלע מאָל אַנווייזן, וואו וועלכע פּערל עס געפינען זיך אין יע־נעם ים.

די רענאַנס און די קאַהאַנס האָבן אַ מעלה, וואָס פעהלט צו־אַפּס דעם בקי און דעם חריף — זיי גיבן דעם ש ט אַ נ ד־פּ ו נ ק ט פאַר דער פאָרשונג, דעם אָריענטיר־פאָדים, וואָס פירט איין און אויס אין דעם תלמודישן לאַבירינט. און זיי קענען ריכטיקער אָפּשאַצן, וועלכער פון די אידישע ה י ס־ט אָ ר י ק ע ר, וואָס מיט זייערע ווערק באַנוצן זיי זיך דאָס רוב, האָט אַ ריכטיקערן בליק אויף די היסטאָרישע כוחות, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט די אָדער יענע דערשיינונג.

אין דעם ענין בית־שמאי און בית־הלל, ווי אין אַ סך אַנדערע ענינים פון דער יידישער געשיכטע, האָב איך מיך פונדעסט־וועגן ניט פאַרלאָזן אויף יענע פאַקטישע קענטענישן און אי־דייאישע קאָמענטאַרן, וואָס די מאָדערנע וויסנשאַפטלעכע לי־טעראַטור האָט מיר געקאָנט געבן. פאַראינטערעסירט אין דער געשיכטע פון דעם „גייסטיקן קאַמף פון דעם יידישן פאָלק פאַר זיין עקזיסטענץ", האָב איך מיך געמיט צו שטודירן די קוואַלן גופא, וואָס זיינען שייך צו יענעם קאַמף. אַזוי אויך — מיט די פּלוגתאס צווישן די בית־שמאי און די בית־הלל.

ליידער האָב איך, צוליב דוחק אין צייט, געקאָנט בדרך כלל דורכנעמען נאָר יענע פּלוגתאס זייערע, וואָס געפינען זיך אין דער משנה. אַ רשימה פון אַט די פּלוגתאס האָט מען אין דעם גוט־באַקאַנטן „סדר הדורות".

משנה נאָך משנה אַזאַ האָב איך דורכגענומען (ווי אויך די משנות פון ר' אליעזר הגדול), און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער בליק אויף די בית־שמאי און בית־הלל, וואָס איז גע־געבן געוואָרן אין מיין אויבן־דערמאַנטער רוסישער אַרבעט,

איז — אין די וויכטיקסטע שטריכן — פֿאַראמתט געוואָרן דורך דער באַקענטשאַפֿט מיט די קוואַלן גופֿא.

אויף דעם סמך פֿון אַט די שטודיעס האָב איך אָפֿט געלייענט לעקציעס וועגן דעם ענין, אָדער ווי אַ קאַפּיטל אין אַ סעריע: „דער גייסטיקער קאַמף פֿון דעם אידישן פֿאָלק פֿאַר זיין עקזיס־טענץ", אָדער ספּעציעל וועגן זיי. לעצטנס, אין דעם ווינטער־סעזאָן פֿון 1938, האָב איך געלייענט וועגן זיי צוויי לעקציעס אין דעם פֿאָרום פֿון דער „צענטראַלער יידישער ביליאָטעק" אין ניו־יאָרק.

די איצטיקע שריפֿט איז אויסגעאַרבעט געוואָרן — מיט צוגאָבן — אויף דעם סמך פֿון יענע צוויי לעקציעס.

אין דער שריפֿט געפֿינען זיך אָבער אויך ציטאַטן און אָנ־ווייזונגען אויף אַנדערע קוואַלן, אַ חוץ דער משנה. איך באַרוף מיך אויך אויף דער גמרא און דעם תנ"ך. די גמרא־קוואַלן האָב איך גענומען פֿון דער ליטעראַטור וועגן אונזער ענין. איך האָב מיך אָבער באַנוצט נאָר מיט אַזוינע, וועלכע איך האָב גע־קאָנט פֿאַרגלייכן מיט דעם טעקסט, און איך ציטיר אים אויך דאָ און דאָרט. די „מראה מקומות" פֿון דער גמרא, ווי אויך די פּאָר ציטאַטן, ווערן דאָ געבראַכט צוליב דעם, אַז דער גע־ביטער לייענער זאָל זיי אויך קאָנען דורכנעמען און זען, אויף וויפֿל זיי באַרעכטיקן דעם אויספֿיר.

אויסצושעפּן דעם גאַנצן ענין פּרעטענדיר איך ניט אין אַט דער קליינער שריפֿט. איך וועל זיין צופֿרידן, אויב מיר זאָל זיך איצטער איינגעבן קלאָר אַרויסצוברענגען מיין בליק אויף אים און צו באַגרינדן אים אויף וויפֿל מעגלעך מיט דעם אויבן־אָנגעמערקטן מאַטעריאַל פֿון דער תלמודישער ליטעראַטור.

דעם 14טן נאָוועמבער, 1940

קראָטאָן־אָן־האָדסאָן, נ. י.

# די בית שמאי און די בית הלל

די בית שמאי און די בית הלל זיינען געווען צוויי ריכטונגען אין דער אַזוי־גערופענער „פּרושים"־פּאַרטיי — אָדער „פּאַרי־סעיער" — זיכער אַ פּאָלקס־פּאַרטיי, וואָס האָט שאַרף גע־קעמפט אַנטקעגן דער איבערהאַרשאַפט פון דער יידישער אַריס־טאָקראַטיע, דער פּאַרטיי פון די „צדוקים", אָדער „סאַדוקעיער". די צדוקים, אַ פּאַרטיי פון די רייכע כהנים, האָבן אַ לאַנגע צייט געהאַט אין זייערע הענט די פּאָליטישע איבער־מאַכט, די איבער־מאַכט אין רעליגיעזע ענינים, ווי אויך די איבער־מאַכט אין דעם „גרויסן סנהדרין" — דעם „סנהדרין הגדול", וואָס איז געווען דער העכסטער געריכט פון דעם לאַנד.

די פּרושים ווערן פון ר ע נ אַ נ ע ן — דעם פראַנצוי־זישן היסטאָריקער פון דעם יידישן פאָלק — באַטראַכט ווי אַ פּאַרטיי פון דער ליבעראַלער און אינטעליגענטער בורזשואַזיע. נאָך זייער העפטיקע קאַמפן האָט זיך אָט דער פּאַרטיי איינגע־געבן, אַרויסצורייסן פון דער אַריסטאָקראַטיע די מאַכט איבער דעם העכסטן געריכט און צו פאַרוואַנדלען אים אויך אין אַ געזעצגעבנדיקער קערפּערשאַפט.

ווען די יידישע זעלבסטשטענדיקייט איז אין גאַנצן צע־שטערט געוואָרן פון די רוימער און ווען אויך דער רעליגיעזער צענטער אין ירושלים — דער טעמפּל, אָדער דער „בית המקדש" — איז פון זיי פאַרברענט געוואָרן, איז די פּאַקטישע איבער־האַרשאַפט איבער דעם לעבן פון די גרויסע יידישע פאָלקס־מאַסן אַריבער אין די הענט פון די פּרושים. ז ײ ע ר ע גע־זעצן און ז ײ ע ר ע אידייען האָבן לסוף איינגענומען דאָס גאַנצע פאָלק און זיינען פאַרבליבן, ווי די וועג־ווייזנדיקע שטערן, פאַר זיין גאַנצן לעבן סיי אין ארץ־ישראל, סיי אין די גלות־לענדער, ביז צו דעם סוף פון דעם אַכצנטן יאָרהונדערט, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון דער אַזוי־אָנגערופענער „עמאַנסיפּאַציע", מיט אירע אַסימילאַטאָרישע אידעאַלן און

שטרעבונגען. דיזעלביקע גרונט־אידייען פון די פּרושים באַ־הערשן נאָך עד היום דאָס לעבן פון די גרויסע אָרטאָדאָקס־פרומע יידישע מאַסן.

די פּרושים האָבן באַקומען די אויבערמאַכט אין דעם סנהדרין נאָך אין יענער צייט — אַזוי אַן ערך אין דעם ערשטן יאָרהונדערט פאַר אונזער צייט־רעכענונג — ווען ארץ־ישראל האָט נאָך געהאַט אַ שאָטן פון פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט, און דער רעליגיעזער צענטער — דער בית־המקדש מיט זיינע קרבנות און ריטואַלן — האָט נאָך פונקציאָנירט אין פולער גלאָריע און פּראַכט.

אַן ערך אין דער מיט פון דעם ערשטן יאָרהונדערט פ אַ ר אונדזער איצטיקער צייט־רעכענונג, איז אויף דער שפּיץ פון דעם סנהדרין אַוועקגעשטעלט געוואָרן, ווי אַ „נשיא", ד. ה. אַ פירסט, ה ל ל. דעם צווייטן ראַנג נאָך אים האָט פאַרנו־מען איינער אַ מנחם, וואָס האָט געהערט, ווי דאָס רוב היסטאָ־ריקער רעכענען, צו דער קאָמוניסטישער סעקטע פון די א י־ס יי ם, וועלכע איז נאַטירלעך געווען אַבסאָלוט פיינדלעך צו דער יידישער אַריסטאָקראַטיע. ווען מנחם איז אַרויס, האָט זיין אָרט פאַרנומען ש מ א י, און מיט זיין אַריינגיין האָט זיך אָנגעהויבן דער גייסטיקער געראַנגל צווישן זיינע אָנהענ־גער, די בית שמאי, אָדער „שאַמאַאיטן", און די „בית הלל", אָדער „הילעליטן".

איך באַטראַכט דעם גייסטיקן געראַנגל פון אָט די צוויי פּרושים־ריכטונגען סיי אויף דעם פעלד פון דער אַלגעמיינער וועלט־אָנשויאונג, סיי אויף דעם פעלד פון דער פּראַקטישער געזעצגעבונג, פאַר איינעם פון די וו י כ ט י ק ס ט ע קאַ־פּיטלען אין דער געשיכטע פון די אינעווייניקסטע גייסטיקע קאַמפן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ביי אונדזער פאָלק. ער איז איינער פון די וויכטיקסטע קאַפּיטלען אָט פאַר וואָס:

אין דער ערשטער העלפט פון אונדזער צייט־רעכענונג איז דער דרוק פון דער רוימישער אויבערהאַרשאַפט געוואָרן אַזוי אומדערטרעגלעך פאַר די פאָלקס־מאַסן, אַז דאָס לאַנד האָט גע־נומען זידן מיט קליינע אויפשטאַנדן, וואָס האָבן לסוף געפירט צו אַן אַלגעמיינעם באַפרייאונגס־קריג אַנטקעגן רוים. אויף דער שפּיץ פון די לאָקאַלע אויפשטאַנדן — און איינצלנע טעראָריס־טישע אַקטן — זיינען געשטאַנען די אַזוי־אָנגערופענע „קנאים",

אָדער גריכיש: „זעלאָטן״, וואָס זיינען אויך געווען די פירער פון דעם אַלגעמיינעם באַפרייאונגס־קריג, דער עיקר, ווען די פירערשאַפט איז געלעגן אין די הענט פון איינעם, אלעזר בן חנניה.

די זעלאָטן זיינען געווען אַבסאָלוטע ר ע פּ ו ב ל י ק אַ־נ ע ר. זיי האָבן געלערנט, אַז אַ מענטש איז נאָר ג אָ ט ס אַ קנעכט, און דעריבער קאָן ער ניט זיין קיין קנעכט ביי אַן אַנדער מענטשן. („עבדים אתם לד׳ ולא עבדים לעבדים״). טעאָרעטיש איז דאָס געווען אַן אָנגריף אויף דעם אינסטיטוט פון קנעכטשאַפט און פון שקלאַפעריי בכלל. אָבער די זעלאָטן זיינען ניט געגאַנגען אַזוי ווייט אין אַפּלייקענען י ע ד ע שקלאַפעריי, ווי דאָס האָבן געטאָן די קאָמוניסטישע א י ס יי ם. די זעלאָטן האָבן געהאַט מער אין זינען די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פאַרשקלאַפונג פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק ביי די רוימישע צעזאַרן.

עס איז אָבער בלי שום ספק ריכטיק, אַז די זעלאָטיש־רעפּובליקאַנישע ריכטונג איז געווען אַן עקסטרעמער פליגל פון די ב י ת ש מ א י. די שאַמאַאיטישע זעלאָטן האָבן געפאָדערט דעם אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אַנטקעגן רוים; זיי האָבן אים דורכגעפירט. די מאַיאָריטעט פון די בית שמאי איז געשטאַנען הינטער זיי. די בית הלל זיינען געווען קעגן די אויפשטאַנדן און קעגן דעם קריג און האָבן געפאָדערט אַ פרידן מיט רוים. דאָס איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע חילוקי דעות, וואָס האָבן פאַנאַנדערגעטיילט די צוויי ריכטונגען אין דער פרושים־פאַרטיי.

דעם קריג אַנקעגן רוים האָבן די בית שמאי פאַרלאָרן. עס איז ניט איצטער די צייט און ניט דאָ דער אָרט, צו חקירהן זיך, צי דער עקסטרעמער פליגל פון די בית שמאי האָט בכלל געהאַט אַ רעכט, אָנצוהייבן דעם קריג אין די אינטערעסן פון דער יידישער באַפרייאונג. אָבער ווען מען לייענט די באַשרייבונג פון יענעם באַפרייאונגס־קריג ביי דעם היסטאָריקער יוסף בן מתתיהו הכהן („יאָזעפוס פלאַוויאוס״), וואָס האָט אַליין גענומען אַן אנטייל אין אים, זעען מיר, אַז די זעלאָטן האָבן זיך גערעכנט מיט יענעם פּאָליטישן קריזיס, וועלכן די רוימישע אימפּעריע האָט דורכגעמאַכט נאָכן טויט פון דעם צעזאַר נעראָן (נירון קיסר). זיי האָבן געהאַט אין אויג יענע העפטיקע אומצופרידנקייט מיט דער רוימישער איבערהאַרשאַפט, וואָס האָט

זיך געגומען אַרויסווייזן דער עיקר אין אַזעלכע פּראָווינצן פון איר וועלט־אימפּעריע, ווי „גערמאַניא״ און „גאַלליא״ (די איצ־טיקע פראַנקרייך).

נאָר — לאָזן מיר דאָס! פּאָליטיש קלוג, צי פּאָליטיש פאַלש באַרעכנט, אָבער די בית שמאי האָבן אַנטקעגן דעם ווילן סיי פון די בית הלל, סיי פון דער אַריסטאָקראַטיע, סיי אויך פון די ערשטע יידישע קריסטן, דעם באַפרייאונגס־קריג אָנגעהויבן, אים דורכגעפירט און באַצאָלט פאַר אים מיט אַזוי פיל קרבנות. אַז נ אָ ך דעם קריג זיינען די בית שמאי געבליבן אַ גאַנץ קליינע מינאָריטעט אין דער פּרושים־פּאַרטיי, און די פירער־שאַפט אירע איז מיט קליינע, אָבער גאַנץ ווייניקע אויסנאַמען, איינגאַנצן אַריבער אין די הענט פון די בית הלל.

זינט דעמאָלט געהערן די סימפּאַטיעס פון דעם יידישן פאָלק צו די בית הלל — ביז אויף דעם הייניטיקן טאָג.

זיינען אָט די סימפּאַטיעס אַבסאָלוט באַרעכטיקט? לויט מיין מיינונג נאָך, דאַרף אונדזער סימפּאַטיע צו די בית הלל אויף דעם חשבון פון די בית שמאי שטאַרק רעוווידירט ווערן. און דאָס קאָן געטאָן ווערן נאָר דעמאָלט, ווען מיר וועלן געווינען אַ טי־פערן איינבליק אין דעם גייסטיקן גערוּנגל פון די צוויי ריכ־טונגען, ניט נאָר אויף דעם פעלד פון דעם דירעקטן פיזישן קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט, נאָר אויך אויף יענע פעל־דער פון דער יידישער געזעצגעבונג, וואָס האָבן צו טאָן ניט אַזוי מיט די מצוות און עבירות לגבי גאָט (די אַזוי אָנגערו־פענע „בין אדם למקום״), ווי מיט די דינים, וואָס דאַרפן רע־גולירן דאָס לעבן צווישן מענטש און מענטש (די מצוות שבין אדם לחבירו), ווי די שטעלונג צו די פראַגן פון אייגנטום, פון די רעכטן און פליכטן לגבי די אָרעמע און די וואָס האָבן גאָר קיין אייגנטום ניט, אָדער די שטעלונג צו די רעכטן און פליכטן לגבי דער פרוי און לגבי די שקלאַפן.

דער גייסטיקער קאַמף פון אָט די צוויי ריכטונגען אין דער פּרושים פּאַרטיי האָט געדויערט אַן ערך אַ הונדערט יאָר. הלל הנשיא איז געשטאָרבן אין דעם אָנהייב פון דעם ערשטן יאָר־הונדערט פון אונדזער צייט־רעכענונג. אָבער די מחלוקת ניט נאָר צווישן אים און שמאי, נאָר אויך צווישן זייערע אָנהענגער האָט געמוזט פאָרקומען נאָך איידער דיביידע גייסטיקע פירער זיינען אַראָפּ פון דער אַרענע.

אין דער צייט פון דעם קריג אַנטקעגן רוים און דער צעשטע־

רונג פון דעם צווייטן בית המקדש אינם יאָר 70, איז אַט דער גייסטיקער קאַמף אַריבער אין אַ ריינעם בירגער־קריג, ספּע־ציעל מצד די זעלאָטן און די סיקאַריער. אין דעם יאָר 72 איז פאָרגעקומען דער אויפשטאַנד פון די אַנטלאָפענע זע־לאָטן אין מצרים און קירענע. עס לאָזט זיך אָננעמען, אַז אויך אין יבנה, וואוהין די בית הלל האָבן אַריבערגעטראָגן דעם סנהדרין, זיינען נאָך אין אים פאָרגעקומען די מחלוקתן פון די ביידע ריכטונגען, ביז רבן גמליאל דער צווייטער האָט רעאָרגאַניזירט דעם סנהדרין אין דעם יאָר 80.

דר' יעקב מאיר זאַלקינד, דער זייער געלערנטער איבער־זעצער פון אַ פּאָר טראַקטאַטן פון דעם תלמוד אין יידיש, האַלט, אַז ביידע ריכטונגען האָבן עקזיסטירט אַן ערך אַ הונדערט צען יאָר און אפשר נאָך מער. על־כל־פנים ניט לענגער, ווי נאָך בר כוכבאס אויפשטאַנד און דער צעשטערונג פון ביתר (אינם יאָר 135. זע דר' זאלקינדס מסכת פאה, ז. 20).

וועגן זייער אויפקום ווערט דערציילט אין דער גמרא: „זינט עס האָבן זיך פאַרמערט די תלמידים פון שמאי און פון הלל, וואָס האָבן ניט געדינט ווי זיי האָבן באַדאַרפט, האָבן זיך גע־מערט די מחלוקתן אין ישראל און די תורה איז געוואָרן, ווי צוויי באַזונדערע תורות". (משרבו תלמידי שמאי והלל שלא שמשו כל צרכן רבו מחלוקת בישראל ונעשית תורה כשתי תורות. סנהדרין דף פ"ח, עמוד ב').

אין וואָס איז באַשטאַנען זייער „ניט־גענוגיגער דינען", לויט דער מיינונג פון דער גמרא, קאָן מען איצטער מיט זיכער־קייט ניט זאָגן. פּראָפעסאָר אַדאָלף שוואַרץ טייטשט דאָס אויס אויף דעם סמך פון אַן אַנדער תלמודישן קוואַל — אַז מע האָט געמיינט דערמיט זייער ניט גוט איינהערן זיך אין די מיינונגען פון זייערע רביים. (זע פּראָפ. דר' אדאָלף שוואַרץ: די קאָנטראָ־ווערסן דער שאַמאַאיטן אונד הילעליטן, ערשטער טייל (1893) ז. 8 און 9). אין וואָס זיינען זיי זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען? דער היסטאָריקער פון דער תלמודיש־רבנישער געזעצגעבונג, אייזיק הירש ווייס, האָט אויסגעפונען, אַז זיי זיינען זיך פאַנאַנדער־געגאַנגען אין 316 פּונקטן, צווישן זיי — וועגן צוויי הונדערט און איין און צוואַנציק דינים („הלכות"). דער אַלגעמיינער כאַ־ראַקטער פון די צוויי שולעס איז באַשטאַנען דערין, וואָס די בית שמאי האָבן אין זייערע דינים געזוכט דאָס רוב שווערער צו מאַכן דעם יאָך פון דעם רעליגיעזן לעבן, בעת די בית הלל

האָבן דאָס רוב ניט געוואָלט אָננעמען די נייע פאַרבאָטן, וועל־כע די שטרענג־רעליגיעזע ריכטונג האָט געוואָלט דורכפירן. די בית שמאי, הייסט עס שוין אין דעם תלמוד, זיינען געווען די „מחמירים״ („די וואָס מאַכן שווערער״) און די בית הלל — די „מקילים״ („די וואָס מאַכן גרינגער״).

אָבער דאָס איז נאָר בדרך כלל. דערזעלביקער היסטאָרי־קער, ווייס, געפינט, אַז אין פינף און פופציק הלכות זיינען די גרינגער־מאַכער גראָד די בית שמאי, בעת די בית הלל זיינען די „מחמירים״. דער תלמוד שטרייכט אונטער ספּעציעל די דערלייכטערונגען פון די בית שמאי און די דערשווערונגען פון די בית הלל (י. א. ווייס, דור דור ודורשיו, ערשטער באַנד, ז. 179).

אין גאַנצע הונדערט און זעקס און זעכציק דינים זיינען די בית שמאי פאַרט געווען די שווערמאַכער. נאָך עד היום האַלט מען זיי פאַר ענגע, פינסטערע פאַנאַטיקער, ווי זאָגן מיר, די ענגלישע פּוריטאַנען אָדער די אַמאָליקע קאַלוויניסטן. די בית שמאי, הייסט עס, האָבן יעדן פסוק פון דער תורת משה גע־טייטשט אַזוי, אַז מען זאָל פון אים אַרויסצאַפּן וואָס מער פאַר־שווערונג, וואָס מער גזירות און פאַרבאָטן.

צוריק די בית הלל לעבן אין אונדזער פאָרשטעלונג ווי פרידן־ליבנדיקע, מער אָדער ווייניקער ליבעראַל־דענקענדיקע מענטשן, וואָס האָבן געטייטשט די פאַרשריפטן פון דער תורה דווקא אַזוי, אַז דער רעליגיעזער יאָך זאָל ניט אַזוי שווער פרעסן אויף דעם נאַקן פון דעם פאָלק.

אויף דעם יסוד פון אָט דער פאָרשטעלונג ליגט דער גלויבן, אַז די חילוקי דעות צווישן די בית שמאי און בית הלל האָבן זיך גענומען דערפון, וואָס זיי האָבן פאַרשיידן אויסגעטייטשט די פסוקים פון דער תורה; אַזוי פאַרשיידן, אַז שפּעטער, ווען זיי זיינען שוין אין גאַנצן פאַרשוואונדן פון דעם לעבן, האָט מען געקאָנט זאָגן, ווי מיר האָבן אויבן געזען, אַז אין דער צייט פון זייער גייסטיקן געראַנגל איז די תורה ווי פאַנאַנדערגעשפּאָלטן געוואָרן אין צוויי פאַרשיידענע תורות.

האָבן מיר דאָ אַ ריין־פּסיכאָלאָגישע דערקלערונג פון יענ־נער פאַרשיידנקייט זייערער, וואָס האָט געפירט צו פאַרשיידענע אויסטייטשונגען פון „פסוקים״: די בית שמאי — ענגע פאַנאַ־טיקער, די בית הלל — טאָלעראַנטע, ליבעראַלע מענטשן.

אַ חוץ אַט דער ריין־פּסיכאָלאָגישער דערקלערונג פון זייערע אונטערשיידן, וואָס הערשט ביי דאָס רוב יידן, האָבן מיר נאָך אַנדערע דערקלערונגען.

פּראָפעסאָר שוואַרץ, צ. ב., געפינט אַ פּ ר י נ צ י פּ י ע ל ן אונטערשייד צווישן דיביידע ריכטונגען. אין זיין אויבן־ציטירטער אַרבעט, וואו ער אַנאַליזירט גראָד די דערלייכטערונגען פון די בית שמאי און די חומרות פון די בית הלל, קומט ער אַט צו וועלכן אויספיר: „די „קולי בית שמאי און חומרי בית הלל" זיינען אויפגעקומען ניט פון אומזיכערקייט און ספקות, נאָר פון אַ פּרינציפּיעלער קעגנערשאַפט פון די ביידע שולעס, אָדער נאָך פּינקטלעכער: זיי זיינען אַרויסגעוואַקסן פון דעם אַנטאַגאָניזם ביי די בית שמאי אַנטקעגן בית הלל׳ס לערן־מעטאָדן" (ד. ג. ז. 109).

זאָל דאָ באַמערקט ווערן — דערווײַלע בדרך אגב — אַז ביי איניקע חומרות פון די בית שמאי האָבן די שפּעטערע אויטאָריטעטן אויפגעדעקט, אַז „חומרי דבית שמאי — קולי לעניים": די דערשווערונגען פון די בית שמאי זיינען דערלייכטערונגען פאַר אָרימע לייט. און ביי אַ פּאָר דינים, וואו די בית הלל זיינען גראָד מחמיר, שרייבט פּראָפעסאָר שוואַרץ אַליין, אַז די בית הלל מיט זייערע חומרות „האָבן געהאַט אין אויג דעם אייגנטימער, ניט די אָרעמע לייט" (ד. ג., ז. 47). מיר וועלן שפּעטער באַקאַנט ווערן מיט אַט דעם ענין.

אַן ענלעכן בליק אויף די פּלוגתות צווישן אונדזערע ריכטונגען אַנטוויקלט אייזיק הירש ווייס, דער מחבר פון דעם „דור דור ודורשיו", דער עיקר דאָרטן, וואו ער פירט צוריק די אונטערשיידן צו די פאַרשיידענע ל אָ ג י ש ע מ ע ט אָ ד ן, מיט וועלכע די ביידע שולעס האָבן זיך באַנוצט אין דעם אויסטייטש פון די פסוקים.

סיי פּראָפעסאָר שוואַרץ, סיי א. ה. ווייס האַלטן, אַז ביידע ריכטונגען האָבן געהאַט נאָר ריין־רעליגיעזע פּראָבלעמען אין אויג. אויך פאַר אַט די היסטאָריקער איז דער עיקר דער פּסוק פון דער תורה און זיין פאַרשיידענער אויסטייטש. זייער דערקלערונג שיידט זיך אָפּ פון דער פּסיכאָלאָגישער נאָר דערמיט, וואָס דעם וואָרצל פון דעם פאַרשיידענעם אויסטייטש דערבליקן זיי ניט אין דעם כאַראַקטער פון די אַנהענגער, נאָר אין די פאַרשיידענע וועגן פון זייער לאָגישן דענקען און מעטאָדאָלאָגישן פאָרשן.

אַ גאַנץ אַנדער צוגאַנג צו אָט דעם פּראָבלעם האָבן אַרויס־געוויזן אַזעלכע מאָדערנע פאָרשער ווי זשאַזעף קאַהאַן, אין זיין פראַנצויזישן צוויי־בענדיקן ווערק פון 1877, „די פּרושים", און פּראָפעסאָר לואי פינקלשטיין, אויך אין אַ צוויי־בענדיקן ווערק פון 1938, וואָס טראָגט דעמזעלביקן נאָמען.

ביידע מאָדערנע פאָרשער לייקענען, נאַטירלעך, ניט, אַז די בית שמאי און די בית הלל האָבן געלעבט אין אַ רעליגיעזער געדאַנקען־ספערע, אין וועלכער די תורת משה האָט געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָלע. ביידע ריכטונגען האָבן, נאַטירלעך, געוואָלט, אַז דאָס לעבן פון דעם פאָלק זאָל שטיין אין האַרמאָניע מיט גאָטס ווילן. אָבער ביידע פאָרשער זענען ריכטיק איין, אַז אין דער באַשטימונג פון גאָטס ווילן האָבן די ביידע ריכטונגען זיך ניט גערעכנט נאָר מיט ריין־רעליגיעזע מאָטיוון פון געטלעכער שטראָף און געטלעכער באַלוינונג אויף ד ע ר וועלט און אויף יענער וועלט, צי מיט די אָדער יענע לאָגישע און מעטאָדאָלאָגישע גרונד־פּרינציפּן. דער אמת, וועלכן סיי קאַהאַן, סיי פינקלשטיין ברענגען אַרויס, איז, אַז זיי האָבן ביי דער באַשטימונג פון אַ רעליגיעזן לעבן זיך גערעכנט מער מיט די ל ע ב נ ס ־ נ ו י ט ן סיי פון דעם גאַנצן פאָלק, סיי פון די אָדער יענע טיילן זיינע.

לויט זש. קאַהאַן, איז דער אונטערשייד צווישן די בית שמאי און די בית הלל געווען דער עיקר אַ פּ אָ ל י ט י ש ע ר: די בית שמאי זיינען קאָנסעקווענטע ר ע פּ ו ב ל י ק אַ נ ע ר און קעמפער פאַר דער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט פון דעם יידישן פאָלק. די בית הלל אָבער האָבן געלייגט ווייניק וואָג אויף דער פּאָליטישער פ אָ ר ם פון דעם לעבן. זיי זיינען געווען פּ אָ ס י פ י ס ט י ש געשטימט און מער פאַראינ־טערעסירט אין דער איבעוויניקסטער אויטאָנאָמיע פון דעם יידישן פאָלק, אין זיין מעגלעכקייט אַליין צו באַשטימען זיין א י נ ע ווי נ י ק ס ט ן לעבן, איידער אין דער אַבסאָלוטער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט.

פּראָפעסאָר פינקלשטיין לייקנט ניט אָפּ אָט די פּאָליטישע אונטערשיידן. ער מיט זיך אָבער אַרויסצוברענגען די טיפער ליגנדיקע ס אָ צ י אַ ל ע אונטערשיידן, וואָס האָבן געפירט צו זייער פאַרשיידענעם איינשטעל סיי אין פּאָליטישע פראַגן, סיי אין ריין רעליגיעזע: הייסט דאָך פּראָפעסאָר פינקלשטיינס

ווערק אין ענגליש: „די פרושים. דער ס אָ צ י אָ ל אָ ג י ־ ש ע ר ה י נ ט ע ר ג ר ו נ ט פ ו ן ז יי ע ר ג ל ו י ב ן״.

וועלכן סאָציאַלן אונטערשייד אַנטפּלעקט אונדזער מחבר צווישן די בית שמאי און די בית הלל?

גלייך אין דעם פאָרוואָרט צו דעם ערשטן באַנד פון זיין גרויסן און זייער באַדייטנדיקן ווערק שטעלט ער זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט פון פילע מאָדערנע סאָציאָלאָגן, וואָס גלויבן, אַז „דער קאָנפליקט צווישן שטאָט און דאָרף איז איינער פון די קאָנ־סטאַנטן (שטענדיקע קרעפטן) אין דעם היסטאָרישן רעקאָרד פון דער ציוויליזאַציע״. (זע לואי פינקלשטיין „די פרושים״, (ענגליש) ערשטער באַנד, ז. 25 (רוימיש).

אַרויסגייענדיק פון אָט דעם גרונט־געדאַנק, דערקלערט פינקל־שטיין אין פאַרשיידענע שטעלן אין די צוויי בענד, אַז די בית שמאי זיינען געווען „ד י פ אַ ט ר י צ י ע ר, ד י ר יי ־ כ ע ג ו ט ־ ב אַ ז י צ ע ר, בעת די בית הלל זיינען גע־ווען מער סימפּאַטיש צו די פּ ל ע ב ע י ע ר, צו די אָרעמע פאָלקס־קלאַסן פון די שטעט (זע באַנד איינס, ז.51). אין אַן אַנדער אָרט שרייבט ער: „די בית שמאי, די וואָרט־פירער פון די רייכע פרושים, זיינען געווען באַרימט מיט זייער שלעכטן אויפפירן זיך, ווי די צדוקים אַליין״, ד. ה., ווי די אַריסטאָ־קראַטישע פּאַרטיי (ד. ג. ז. 83).

די געדאַנקען פון די בית הלל אָבער ברענגט פּראָפעסאָר פינקלשטיין אין צונויפבונד מיט די טראַדיציעס און דער פּסי־כאָלאָגיע, וואָס זיינען אויפגעקומען „אין דעם מ אַ ר ק ־ פּ ל אַ ץ פון ירושלים״ (זע צ. ב. ד. ג. ז. 95).

פּראָפעסאָר פינקלשטיינס טעאָריעס וועגן די פרושים אין זייערע צוויי ריכטונגען, ווי אויך וועגן די אַנדערע יידישע פּאַר־טייען פון יענער צייט, פאַרדינען געוויס אַ טיפערן אַנאַליז, ליי־דער קאָנען מיר זיך ניט פאַרנעמען דערמיט אין אונדזער איצ־טיקער שריפט.

דאָ ווילן מיר נאָר באַמערקן, אַז מיר שעצן זייער הויך דעם ס אָ צ י אָ ל אָ ג י ש ן צוטריט צו דעם פּראָבלעם. אויך אונ־דזער צוטריט צו דעם ענין קאָן אָנגערופן ווערן אַ ס אָ צ י אָ ־ ל אָ ג י ש ע ר א י ן ד ע ם ב ר יי ט ע ר ן ז י ן פ ו ן ד ע ם וו אָ ר ט. פון אַלע פלוגתות צווישן די בית שמאי און די בית הלל, וואָס ווערן געבראַכט אין דער משנה און טיילווייז אויך אין דער גמרא, האָבן מיר אויסגעקליבן יענע

„הלכות", וואָס טראָגן אַ קלאָרן פּאָליטישן, סאָציאַלן, נאַציאָ־נאַלן און אַלגעמיין־מענטשלעכן כאַראַקטער. אין די ריין רעלי־גיעזע הלכות האָבן מיר געפּרוּווט אַרויסגעפינען דעם ריין מענטשלעכן, דעם „וועלטלעכן" עלעמענט און אויף אַט דעם סמך געפּרוּווט אַרויסברענגען דעם סאָציאַלן, ד. ה. געזעל־שאַפטלעכן כאַראַקטער פון דער אָדער יענער געזעצ־געבונג.

עס איז דאָך קלאָר, אַז די יידישע געזעלשאַפט פון יענער צייט איז באַשטאַנען פון פאַרשיידענע סאָציאַל־עקאָנאָמישע קלאַסן און קרייזן. אַזאַ אָדער אַן אַנדער געזעץ האָט דאָך געקאָנט ווירקן אַזוי אָדער אַנדערש אויף דער אָדער יע־נער געזעלשאַפטלעכער גרופּע. עס איז דעריבער די ערשטע אויפגאַבע פון דעם סאָציאָלאָגישן פאָרשער צו פרעגן זיך, ווער געווינט פון דעם אָדער יענעם געזעץ? ווער פאַרלירט? צו וועמעס פּסיכאָלאָגיע, ניט נאָר אינטערעסן, איז ער מער צוגעפּאַסט? נאָר אויף אַזאַ אופן קאָן מען, דוכט אונדז, אַרויסברענגען דעם געזעלשאַפטלעכן כאַ־ראַקטער פון דער אָדער יענער ריכטונג.

אין די בית שמאי האָבן מיר אויך אַריינגענומען דעם תנא ר' אליעזר הגדול, הגם ער איז געווען אַ תלמיד פון דעם הי־לעליט, יוחנן בן זכאי. מיר האָבן דאָס געטאָן מחמת טעמים, וואָס וועלן שפּעטער דערקלערט ווערן.

אויך מיר קאָנען ניט לייקענען, אַז די פּסוקים פון דער תורה האָבן דאָס רוב געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אין דעם אויפשטעל פון דעם אָדער יענעם געזעץ. אָבער דאָס איז ניט אַלעמאָל געווען דער פאַל. און דערצו: די מעטאָדן, ווי אַזוי אויסצוטייטשן אַ פּסוק, זיינען ביי ביידע ריכטונגען גע־וואָרן אַזוי צאָלרייך און אַזוי ראַפינירט, אַז מען האָט געקאָנט אַריינטייטשן אין אים און אַרויסטייטשן פון אים אַלץ, וואָס איינער האָט געוואָלט. דערציילט מען דאָך אויף אַ תלמיד חכם, אַז ער האָט געקאָנט דערקלערן פאַר „ריין" אַ זאַך, וואָס לויט דער תורה איז זי אַבסאָלוט „אומריין", און אַרויסברענגען אַט דעם באַשייד מיט גאַנצע הונדערט און פופציק אַרגומענטן („מטהר זיין אַ שרץ בק"ן טעמים").

איינער פון די וויכטיקסטע רעזולטאַטן פון אונדזער אַנאַליז באַשטייט דערין, אַז פון יענע שאַמאַאיטישע חומרות און דער־שווערונגען, וואָס האָבן אַ ריין וועלטלעכן כאַראַקטער, האָבן

פּראָפּיטירט די אָרעמע לייט, אָדער וואָלטן פּראָפּיטירט, ווען די געזעצגעבונג פון די בית שמאי וואָלט געוואָרן די הערשנדיקע. זי האָט אָבער לסוף פאַרלאָרן איר הערשנדיקן כאַראַקטער. דער כלל איז שפּעטער אַרויסגעשטעלט געוואָרן, אַז וואו נאָר די בית שמאי גייען זיך פאַנאַנדער מיט די בית הלל, איז דער געזעץ, אַזוי ווי די בית הלל ווילן.

דערמיט טרעטן מיר אַריין אין דעם אַנאַליז פון די איינצלנע געזעצן. אָבער גלייך ביי דעם ערשטן שריט מוזן מיר אָראָפּ־ראַמען פונם וועג יענע אַבסאָלוט פאַלשע מיינונג, אַז אין דעם גייסטיקן געראַנגל פון די בית שמאי און די בית הלל האָט די הויפּט־ראָליע געשפּילט דער אָדער יענער אויסטייטש פון אַ פּסוק אין דער תורה.

גלייך ווי הלל איז געוואָרן דער הויפּט פון דעם סנהדרין — מסתמא נאָך איידער שמאי איז אַריין ווי דער צווייטער אין ראַנג — האָט ער דורכגעפירט אַ רעפאָרם, וואָס גייט להיפּך צו בפירושע פּסוקים אין דער תורה. די רעפאָרם רופט זיך דער „פּראָסבול״. דער טייטש פון דעם גריכישן וואָרט איז: „פאַר דעם בית־דין״, עס רעדט זיך וועגן אַ געוויסער דערקלע־רונג, וואָס דאַרף אָפּגעגעבן ווערן פאַר די ריכטער פון אַ בית־דין.

וואָס איז דאָס פאַר אַ דערקלערונג?

אין דער תורה געפינען זיך אַ סך פאַראָרדענונגען צו גונסטן פון די אָרעמע לייט. איינע פון זיי איז דער אַזוי גערופענער שמיטה־יאָר. יעדער זיבעטער יאָר איז אַ פריי־יאָר, אין וועלכן עס ווערן אָפּגעמעקט אַלע חובות, וואָס איינער איז שול־דיק דעם אַנדערן. אָדער, ווי אַנדערע ווילן האָבן, די באַצאָלונג פון דעם חוב ווערט איבערגעלאָזן צו דעם גוטן ווילן פון דעם אַנטלייער. קיין מוז איז דאָס ניט פאַר אים, און מאָנען דעם חוב טאָר מען ניט.

אָט וואָס עס שטייט געשריבן וועגן דעם אין דער תורה: „צום סוף פון אַלע זיבן יאָר זאָלסטו אויסרופן שמיטה. און דאָס איז דער דין פון שמיטה: יעדער בעל־חוב זאָל אָפּלאָזן וואָס ער האָט געליען זיין חבר. ער זאָל ניט מאָנען פון זיין חבר און זיין ברודער . . . אַז ביי דיר וועט זיין אַן אביון, זאָלסטו ניט האַרט מאַכן דיין האַרץ און לייען זאָלסטו אים גענוג פאַר זיין באַדערפעניש . . . היט זיך, עס זאָל ניט זיין אין דיין האַרצן אַ בייזער געדאַנק: דאָס זיבעטע יאָר, דאָס יאָר פון שמיטה

דערנעענטערט זיך, און דיין אויג וועט זיין שלעכט צו דיין ברו־דער דעם אביון, און ווען דו וועסט אים ניט געבן . . . געבן זאָלסטו אים געבן, און דיין האַרץ זאָל ניט פאַרדריסן ווען דו גיסט אים" (דברים ט"ו א׳ ביז ט׳, לויט יהואש).

קלאָרע רייד און אַריינדרינגנדע רייד! ליי דעם אָרעמאַן וויפל ער דאַרף, און אַז עס וועט קומען דער שמיטה־יאָר און ער וועט ניט קאָנען אָדער ניט וועלן באַצאָלן — איז פאַרפאַלן!

באַשטימט הלל אַ „פּראָסבול", אַ מין יורידישע פיקציע. דער וואָס לייט די געלט, שטעלט אויס אַ דאָקומענט צו דעם גע־ריכט, וואָס לייענט זיך אַזוי: „איך גיב אייך איבער, דיינים פון דעם און דעם אָרט, אַז יעדן חוב, וואָס עס קומט מיר פון דעם און דעם, וועל איך אויפמאָנען, ווען איך וועל וועלן". ער חתמעט זיך און אונטן חתמענען זיך די דיינים אָדער די עודות (מסכת שביעית פרק י׳, משנה ד׳).

אין עטלעכע ערטער אין דעם תלמוד און אין די מפרשים ווערט אַרומגערעדט דער ענין. מיר ברענגען דאָ די וויכטיק־סטע שטעלן. קודם רש"יס זייער וויכטיקן פירוש אויף די ווער־טער „מוסר אני לכם", „איך גיב אייך איבער". רש"י טייטשט דעם „פּראָסבול" אַזוי: „איך גיב אייך איבער מיינע וועקסלען, כדי א י ר זאָלט צווינגען און איך זאָל ניט צווינגען" (גטין, ל"ו, עמוד א׳). דאָרטן גופא דערקלערט רש"י, אַז הלל האָט אויסגעוואָרצלט אַ דין פון דער תורה („ועקר דבר מן ה־תורה").

די גמרא פרעגט: וואָס איז „פּראָסבול"? זאָגט רב חסדא, וואָס האָט שוין, משמעות, ניט פאַרשטאַנען קיין גריכיש, אַז „בולי" איז דער טייטש: די רייכע. ממילא איז דאָס אַ תקנה לטובת די רייכע. אָבער, באַמערקט רב חסדא: „בוטי" איז דער טייטש: די אָרעמע; האָט זיך די תקנה געדאַרפט רופן „פּרוס בולי ובוטי" — פאַר די רייכע און די אָרעמע (גיטין ל"ז, עמוד א׳), ווייל, ווען ניט די רעפאָרם, וואָלט קיינער ניט געליען קיין געלט דעם אָרעמאַן. דאָס שטימט אויך ביז אַ געוויסן גראַד מיט אַ משנה, וואו עס הייסט אַז הלל האָט דורכגעפירט דעם פּרוסבול „מפני תקון העולם" — צוליב די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט (גיטין פרק ד׳, משנה ג׳). אָבער אין תוך איז דאָך רב חסדאס דערקלערונג ניט מער ווי אַ פשטל. אויב די רע־פאָרם וואָלט אויך געווען „פּרוס בוטי", פאַר די אָרעמע לייט, וואָלט ניט נאָר דער לייהער, נאָר אויך דער א נ ט ל יי ה ע ר,

וועמען מען לייהט, געדאַרפט געבן אַ געהעריקע דערקלערונג צו דעם בית־דין. די דערקלערונג גיט אָבער נאָר דער רייכער, דער וואָס לייהט די געלט! דאָס איז אַן אַבסאָלוטער דורכבּרייס פון יענער סאָציאַל־עטישער געזעצגעבונג, וואָס געפינט זיך אין דער תורה. הלל האָט זיך דאָ ניט גערעכנט מיט די קלאָרע, אַזוי צום האַרצן רעדנדיקע פּסוקים.

ר׳ יהודה הנשיא, דער מחבר פון דער משנה, האָט אַליין געשפּירט, אַז מען דאַרף דאָ ווי עס איז פאַרענטפערן הללס שריט. גיט ער אַזאַ דערקלערונג: אין אַ משנה, אין „שביעית״, וואו עס ווערט צום ערשטן מאָל דערמאָנט הללס רעפאָרם, הייסט עס: „ווען ער האָט דערזען, אַז דאָס פאָלק האָט אויפגעהערט צו לייהען איינער דעם אַנדערן און זיינען עובר אויף וואָס עס שטייט אין דער תורה: „היט זיך, טאָמער וועט אין דיין האַרצן זיין אַ שלעכטער געדאַנק״ און אַזוי ווייטער, האָט הלל איינגעפירט דעם „פראָסבול״ (כשראה שנמנעו העם מלהלוות זה את זה ועוברין על מה שכתוב בתורה השמר לך פן יהיה דבר עם לבבך בליעל וגומר, התקין הלל לפרוזבול״. שביעית פרק י׳, משנה ג׳).

זייער אַ שלעכטער תירוץ! וואָס וואָלטן מיר געזאָגט, ווען עס ווערט דורכגעפירט אַ רעפאָרם, וואָס פאַרווערט קינדער־אַרבעט, און ווייל די געזעצגעבער זעען, אַז די קאַפּיטאַליסטן רעכענען זיך ניט מיט דעם געזעץ, שאַפן זיי אָפּ דאָס געזעץ כדי מען זאָל מעגן עקספּלואַטירן די קינדער על פּי דין? אויך אין אָט דעם פאַל וואָלט מען דאָך געקאָנט זאָגן, אַז ווידער איינפירן קינדער־אַרבעט ליגט אין די אינטערעסן פון די אָרעמע לייט, ווייל דעם קינדס לוין העלפט וויפל עס איז צו דעקן דעם בודזשעט פון דער פאַמיליע. מיר וואָלטן גאַנץ זיכער געמוזט פאַרמשפּטן די צוריקרופונג פון דעם געזעץ און באַטראַכטן אָט דעם אַקט, ווי אַ רעפאָרם אין די אינטערעסן פון די פאַבריקאַנטן. דאָס אייגענע מוזן מיר זאָגן וועגן הללס פראָסבול־רעפאָרם. זי איז גאַנץ זיכער געלעגן אין די אינטערעסן פון די ר י י כ ע. ער האָט פאַרזיכערט זייער פאַרמעגן. פאַראַנען אויך אַנדערע דערקלערונגען אָדער פאַרענטפערונגען, וואָס זיינען שוין פון אַ ריין יורידיש־אַדוואָקאַטישן כאַראַקטער, אָבער אויך זיי האָבן לחלוטין גאָר ניט וואָס צו טאָן מיט די פּסוקים פון דער תורה. און אייזיק הירש וויס ברענגט אַ גמרא פון רבאן, וואָס דערקלערט, אַז אין עקאָנאָמישע פראַגן „האָבן די חכמים אַ

רעכט צו טאָן ווי זיי אַליין פאַרשטייען, אפילו קעגן די געזעצן פון דער תורה". („בדברים שבממון הרשות ביד החכמים לעשות כראות עיניהם אף כנגד חק התורה". דור דור ודורשיו, חלק א׳, ז. 174).

געוויס קאָן מען פאַרענטפערן הלל׳ס איינשניידנדיקע רע־פאָרם מיט די „נויטן פון דער צייט". אין ארץ־ישראל אַנט־וויקלט זיך דער האַנדל, ווי אויך די מלאכות. דער אַלטער, ריין אַגראַרישער פרימיטיווער לעבן איז פאַרשוואונדן. דער אויפקום פון דער געלט־באַלעבאַטישקייט האָט זיך גענויטיקט אין אַ פרייען קרעדיט. דאָס שמיטה־געזעץ איז געשטאַנען אין וועג, האָט עס געמוזט אָפּגעשאַפט ווערן.

דאָס מעג זיך זיין אַ פאַרענטפערונג אָדער ניט. פאַר אונדזער צוועק איז וויכטיק איינצוזען, אַז פאַר הללן איז דער עיקר געווען ניט דער אָדער יענער פסוק, נאָר די אינטערעסן פון דעם אויפקומענדיקן האַנדל. ווי אויבן באַמערקט, האַלטן מיר, אַז הלל האָט דורכגעפירט זיין פראסבול־רעפאָרם נאָך איידער שמאי איז אַריין אין סנהדרין, ווי אַ צווייטער אין ראַנג.

מיר גייען איצטער איבער צו אַ פלוגתא ניט פון די בית הלל און בית שמאי, נאָר פון די צוויי פירער אַליין: שמאי און הלל. די פלוגתא האָט צו טאָן מיט „ריינהייט־געזעצן" אין דער פּראָדוקציע פון בוימל און פון וויין און איז אויך זייער כאַראַק־טעריסטיש פאַר דעם ענין פון אָפּהיטן די פסוקים פון דער תורה. מיר קאָנען זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין אַ דערקלערונג וועגן די ענינים פון „ריינקייט" און „אומריינקייט", „טומאה וטהרה", וואָס האָבן געשפילט אַזאַ קאָלאָסאַלע ראָליע אין דעם לעבן פון די עלטערע פעלקער — דער עיקר ביי די פּערסיער — ווי זיי שפּילן נאָך איצטער אַן אומגעהויערע ראָליע ניט נאָר ביי די פרימיטיווע שבטים פון אַפריקע און אויסטראַליע, נאָר אפילו ביי די ציוויליזירטע פעלקער פון דעם מאַהאַמעדאַנישן גלויבן.

אין אַ גוטן ווערק וועגן דער פרימיטיווער קולטור, ווי צ. ב. פרעיזערס „דער גילדערנער צווייג" (אין ענגליש), קאָן מען געפינען די נויטיקע אויפקלערונג.

דאָ ווען מיר זיך באַנוגענען נאָר מיט אַ פאָר שטעלן פון דער תורה, וואָס גיבן אַ קליינעם ביישפּיל פון אַ ריינהייטס־געזעץ און האָבן אַ דירעקטע שייכות צו דער אונדז אינטערע־סירנדיקער קאָנטראָווערזע. אין דער תורה שטייט געשריבן: „און דאָס איז וואָס איז אומריין פאַר אייך צווישן די שרצים,

וואָס קריכן אויף דער ערד: דאָס ווייזעלע און די מויז און די שילדקרויט לויט אירע מינים און דער עקדעש און דער זאַמד־עקדעש און דער כאַמעלעאָן . . . איטליכער, וואָס רירט זיך אָן זיי אָן ווען זיי זיינען טויט, זאָל זיין אומריין ביזן אָוונט. און אַלץ, וואָס עפּעס פון זיי וועט פאַלן דערויף ווען זיי זיינען טויט, זאָל ווערן אומריין, סיי וואָסער עס איז הילצערנע כלי, אָדער אַ בגד, אָדער אַ פעל, אָדער אַ זאַק — איטליכע כלי, וואָס דערמיט ווערט געטאָן אַרבעט, זאָל אַריינגעטאָן ווערן אין וואַסער, און זיין אומריין ביזן אָוונט און ווערן ריין. און איטליכע ליי־מענע כלי, וואָס אין איר וועט אַריינפאַלן עפּעס פון זיי, זאָל אַלץ וואָס אין איר ווערן אומריין, און זי זאָלט איר צעברעכן. איטלעך עסנוואַרג (דערין) וואָס ווערט געגעסן, וואָס דע־רויף איז געקומען וואַסער, זאָל ווערן אומריין; און יעטוועדער געטראַנק, וואָס ווערט געטרונ־קען אין אַלע אַזעלכע כלים, זאָל ווערן אומריין. און אַלץ וואָס עפּעס פון זייער נבלה וועט פאַלן דערויף, זאָל ווערן אומריין; אויב אַ באַקאייוון אָדער אַ קאַכאייזן, זאָל עס צעבראָכן ווערן . . . און אויב פון זייער נבלה וועט פאַלן אויף וואָסער עס איז זאָמען פון זריעה, וואָס ווערט געזייט, איז ער ריין. אויב אָבער אויף דעם זאָמען איז אַרויפגעטאָן געוואָרן וואַסער, און עפּעס פון זייער נבלה וועט פאַלן דערויף, איז ער אומריין. (ויקרא, שמיני, י״א, 29־38. לויט יהואש).

שוין פון אָט דער קליינער שטעל זעט מען, וואָס פאַר אַ פּלאָג דאָס איז געווען אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן, זיך אויס־צוהיטן פון „טומאה״, בפרט ווען די בפירושע געזעצן פון דער תורה ווערן נאָך אַרומגעשפּונען מיט וויטערדיקע דערשוועו־רונגען.

די גרויסע מאַסן פון פאָלק — די אַזוי אָנגערופענע „עם הארצים״ — האָבן יאָרן לאַנג געקעמפט קעגן די נייע גזירות אויך אין די פּרטים פון „ריין״ און „אומריין״. די בית שמאי האָבן דאָס רוב — כמעט אַלע מאָל — געשטרעבט נאָך שווערער צו מאַכן די ריינהייט־געזעצן, און אויף אַזאַ׳ן אופן מאַכן נאָך דיקער און פעסטער די וואַנט, וואָס טיילט אָפּ דאָס יידישע לעבן פון דעם ניט־יידישן.

דעם אָנהייב צו אָט דער שטרעבונג זייערער, האָט געגעבן שמאי אין אַ דירעקטן צונויפשטויס מיט הלל׳ן.

פון דער אויבן־געבראַכטער שטעלע אין דער תורה זעען מיר,

אַז ביי שפּייזן, געטראַנקען און תבואה שפּילט אַ געוויסע ראָליע דאָס וואַסער. אויב אויף זיי פאַלט וואַסער, ווערן זיי עלול, זיי זאָלן ווערן אומריין דורך דער באַרירונג פון אַ טויטן, אומריינעם „שרץ". מיט אַט דער פאַרגרייטונג צו קאָנען ווערן אומריין (די אַזוי גערופענע „הכשרה" אָדער „קבלת טומאה") האָט שמאי זיך באַנוצט, כדי צו פאָדערן אַ באַזונדערס שטרענגן געזעץ אין דער פּראָדוקציע פון וויין.

דער תלמוד דערציילט דעם פאַל אַזוי: „דער וואָס קלייבט הענגלעך ווייַנטרויבן (אין אַ קאָרב) צו ברענגען אין וויין־קע־לער, זאָגט שמאי, אַז די ווייַנטרויבן ווערן צוגעגרייט צו ווערן אומריין. הלל זאָגט: עס ווערט ניט צוגעגרייט. ווענדט זיך הלל צו שמאי: פאַר וואָס דאַרף מען אָפּהיטן ריינקייט ביי ווייַנ־טרויבן, בעת ביי קלייבן איילבערטן איז מען פריי דערפון? זאָגט ער אים: אויב דו וועסט מיך דערצערענען, וועל איך גוזר זיין אומריינקייט אויך אויף די איילבערטן. האָבן זיי אויפגע־פלאַנצט אַ שווערד אין בית המדרש און האָבן געזאָגט: ווער עס גייט אַריין, זאָל אַרייַנגיין און דער וואָס וויל אַרויס־גיין, זאָל ניט אַרויסגיין. און יענעם טאָג איז הלל אַן איינגע־בויגענער, געזעסן פאַר שמאי, ווי איינער פון די תלמידים און ער (דער טאָג) איז געווען שווער פאַרן פאָלק ישראל ווי דער טאָג, אין וועלכן מע האָט געמאַכט דעם עגל". (אָט איז דער טעקסט: „הבוצר לגת שמאי אומר הוכשר הלל אומר לא הוכשר א"ל הלל לשמאי מפני מה בוצרין בטהרה ואינן מוסקין בטהרה א"ל אם תקניטני גוזרני טומאה אף על המסיקה. נעצו חרב בבית המדרש אמרו הנכנס יכנס והיוצא אל יוצא ואותו היום היה הלל כפוף ויושב לפני שמאי כאחד מן התלמידים והיה קשה לישראל כיום שנעשה בו העגל" שבת, דף י"ז, עמוד א').

אין אַן אַנדער אָרט ווערט וועגן הללן געזאָגט נאָר, אַז ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. „התם קא שתיק ליה הלל לשמאי". (שבת, ט"ו, עמוד א'). און נאָך אין אַן אַנדער אָרט ווערט מיט־געטיילט, אַז הלל האָט לסוף מסכים געווען מיט שמאי: „ואודי ליה הלל לשמאי" (עבודה זרה, ל"ט, עמוד ב').

וואָס איז דאָ אַזוינס שרעקליכעס פאָרגעקומען? וואָס עפּעס פּלוצלינג — „אַ שווערד אין בית המדרש" און אַ קאַטאַסטראָ־פאַלע פאַסירונג, אַזאַ שווערע, ווי די מעשה מיט דעם עגל?

דעם גאַנצן ענין מיט דער „שווערד" האָט דער היסטאָרי־קער גרעץ אויפגעקלערט אויף אַ זייער באַפרידיגנדיקן אופן.

עס איז דאָ אין דער גמרא אַריבערגעטראָגן געוואָרן אַ העכסט טראַגישע פּאַסירונג, וואָס איז פאָרגעקומען אַ סך שפּעטער ניט צווישן הלל און שמאי, נאָר צווישן זייערע תלמידים. מיר וועלן באַלד אַריבערגיין צו יענער העכסט וויכטיקער היסטאָ־רישער פּאַסירונג. דאָ דאַרפן מיר זיך אַריינטראַכטן אין דער שטעלונג פון די תלמידי חכמים צו די פסוקים פון דער תורה.

שמאי שטרעבט, אַז ביי דער פּראָדוקציע פון וויין זאָלן אָפּגעהיט ווערן די רעליגיעזע געזעצן וועגן ריינקייט. האָט הלל צו אים אַ זייער געדעכטע טענה: פאַר וואָס זאָל די קעלטערונג פון וויין זיין פאַרשיידן פון דער בוימל־קעלטערונג? ווייִנטרויבן און אייִלבערטן זייִנען ביידע פירות וואָס וואַקסן אויף אַ בוים; פון ביידע אַרטן פירות קאָן אין די קערב אַריינגיין אַ זאַפט, אויב דאָס זאָל שפּילן די ראָליע פון וואַסער,וואָס מאַכט שפּייז און געטראַנק פאַרגעגרייט צו ווערן אומריין („מקבל טומאה זיין״, הייסט עס אויף תלמודישן לשון). וואו איז דער אונטערשייד?

אַ געדעכטע טענה! און מיט וואָס שלאָגט זי שמאי אָפּ? „אויב דו וועסט מיך אַריינברענגען אין כעס, בין איך גוזר טומאה אויך אויף דער פּראָדוקציע פון בוימל״. וואָס זייִנען דאָס פאַר דיבורים? ממה נפשך! האַלט שמאי אַז בוימל דאַרף אויך, על פי דין, על פי דעם פסוק פון דער תורה, קאָנען ווערן אומריין, איז וואָס וואַרט ער, ביז מען וועט אים דער־צערענען? דאַרף ער גלייך אַרויסלאָזן די גזירה! אלא, שמאי גלויבט, אַז ביי בוימל דאַרף מען על פי דין ניט זיין אַזוי שטרענג, איז וואָס שרעקט ער דאָ אָן הללן מיט עפּעס, וואָס האָט ניט קיין ברעקל יסוד אין דער תורה?

אין דער אמתן האָבן די בית שמאי שפּעטער דורכגעפירט אויך די גזירה וועגן בוימל. דאָס האָט אָבער גאָרנישט ניט גע־האַט צו טאָן מיט פסוקים פון דער תורה.

דער גאַנצער ענין וועט אונדז קלאָר, ווען מיר גייען אַרי־בער פון דער רעליגיעזער ספערע אין דער ריין־וועלטלעכער, און מיר פרעגן אונדז, וואָס פאַר אַ ראָליע וויין און בוימל האָבן גע־שפּילט אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פון ארץ־ישראל בכלל און אין דעם ארץ־ישראל האַנדל בפרט.

אין זיין „האַנדלס־געשיכטע דער יודען דעס אַלטערטומס״ דערציילט אונדז דער אויסגעצייכנטער היסטאָריקער דר׳ לעווי הערצפעלד, אַז וויין און אויל זייִנען געווען די הויפּט־סחורות פון דעם ארץ־ישראלדיקן

האַנדל (זע די צווייטע אויפלאַגע פון 1894, ז. 93). וועגן דעם האַנדל מיט ווייַן שרייַבט ער: „ווי באַדייטנדיק עס האָט געמוזט זייַן דער פּאַלעסטינער ווייַנהאַנדל, באַווייַזט אפשר אויך די גמרא אין בבא בתרא, 6, 2, וואו עס רעדט זיך פון ווייַן־לאַגערן פון הונדערטער פעסער, אין שרון הונדערטער פון קרוגן . . . אויך דער לאחדים־פאַרקויף פון ווייַן איז געווען גאַר זייער שטאַרק . . . אבא שאול זאָל האָבן געזאַמלט דריי הונדערט גרויסע לאַגלען נאָר פון דעם  ש ו י ם  ביי דעם איינצל־פאַרקויף". די צאָל, באַמערקט הערצפעלד, איז מסתמא אַ היפּשע גוזמא, אָבער דער פאַקט בלייַבט (ד. ג.).

וועגן דעם בוימל דערציילט אונדז הערצפעלד, אַז אין ארץ־ישראל און דער עיקר אין גליל איז דער איילבערט־בוים גע־פלאַנצט געוואָרן דאָס רוב אין אייגענע גערטנער. דער בוימל ווערט געברויכט אנשטאָט פּוטער, ווי אַ שפּייַז, פאַר מעדיצי־נישע מיקסטורן, פאַר איינרייַבן דעם קערפּער און רייניקן אים, פאַר באַלייכטונג (דאָרטן גופא, זז. 94־95). פיל בוימל פלעגט גיין קיין אויסלאַנד, דער עיקר קיין פעניציע, סיריע, מצרים, דער עיקר קיין אַלעקסאַנדריע (ז. 95).

ווייַן און בוימל זייַנען דעריבער געווען די וויכטיקסטע פּראָ־דוקטן אויף דעם מאַרק. די שטרענגע דורכפירונג פון ריינ־הייטס־געזעצן וועגן זיי האָט געמוזט האָבן אַ  פ י ל פ אַ כ ע  ווירקונג אין לעבן.  ק ו ד ם — אַ  ר יי ן  נ אַ צ י אָ נ אַ ל־ע ק אָ נ אָ מ י ש ע.  עס איז קלאָר, אַז יידן האָבן, נאָך דער דורכפירונג פון די ריינהייטס־געזעצן, זיך געקאָנט באַנוצן נאָר מיט ווייַן און בוימל, וואָס שטאַמען פון  יי ד י ש ע  ב אַ־ל ע ב אַ ט י ש ק יי ט ן.  דער  נ י ט־יידישער ווייַן, אָדער בוימל ווערט דורך דער ריינהייטס־גזירה פּשוט אַרויסגעשטויסן פון דעם יידישן מאַרק. ניט־יידישע פּראָדוקטן זייַנען שוין אָבער דעמאָלט געווען ניט נאָר פיל און פיל אין די גרעניץ־לענדער, נאָר אויך אין ארץ־ישראל גופא. דערנאָך האָט דאָס געמוזט האָבן אַ ווירקונג, אַ ריין־נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע: אַ דאַנק דער גזירה, ווערט, ווי אויבן באַמערקט, נאָך דיקער די וואַנט, וואָס טיילט אָפּ דעם יידן פון דעם ניט־יידן. און עס קומט נאָך צו אַ  ד ר י ט ע  ווירקונג: אין דעם שטרעבן איינצושפּאַנען דעם „עם הארץ", די דאָרפישע יידישע באַפעלקערונג, אין דעם וואָגן פון דער פּרושימשער געזעצגעבונג, איז אָט די גזירה אויף ווייַן, צי אויף בוימל, געווען אַ העכסט ווירקזאַמע  ב יי ט ש.

אויב דער „עם הארץ״ וועט ניט אָפּהיטן די ריינהייטס־געזעצן, וועט מען ביי אים ניט קויפן ניט זיין וויין, ניט זיין בוימל.

עס איז קלאָר, אַז אַזעלכע גזירות, ווי די „טומאה״־ און „טהרה״־געזעצן בנוגע אַזעלכע וויכטיקע האַנדלס־פּראָדוקטן, ווי וויין, צי, ווי שפּעטער, אויך בוימל, זיינען אַ היפּשער שטער פאַר דעם פרייען האַנדל. הלל און שפּעטער זיינע תלמידים, די בית הלל, זיינען דאָ גאַנץ זיכער געווען די פאַרטרעטער פון דעם יידישן האַנדלס־קלאַס. שמאי, ווי שפּעטער די בית שמאי, טרעטן דאָ אַרויס, ווי עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטן. זיי וואַרפן אַרויס פון דעם יידישן מאַרק די ניט־יידישע פּראָדוקטן און שאַפן אַ שאַרפן צווישנשייד צווישן יידישן און ניט־יידישן לעבן.

אַז אַזעלכע ריינהייטס־געזעצן האָבן געמוזט פירן צו דער פאַרטייערונג פון די יידישע פּראָדוקטן אויף דעם מאַרק, איז אויך גאַנץ קלאָר — דער עיקר, נאָך דער שפּעטערדיקער בית שמאי גזירה וועגן דעם בוימל.

דר׳ הערצפעלד שרייבט וועגן דעם, אַז די צאָלרייכע סירישע יידן פלעגן ניט קויפן קיין גויאישן בוימל. מחמת די רעליגיעזע געזעצן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן דערמיט, פלעגן זיי פאַר יידישן בוימל צאָלן אַכט מאָל אַזוי פיל (ד. ג. ז. 95). וואָס טייערער דער פּראָדוקט, אַלץ שווערער דער האַנדל מיט אים, אַלץ מער האָבן די פאַרטרעטער פון דעם האַנדל־קלאַס, די בית הלל, זיך געמוזט ווערן אַנטקעגן אַזעלכע פאַרווערנדיקע געזעצן, און אַלץ שאַרפער האָט געמוזט צייטנווייז ווערן דער צונויפשטויס צווישן די צוויי ריכטונגען פון דער פרושימשער פּאַרטיי.

אין אַ משנה ווערט, אמת, פאַרזיכערט, אַז די בית שמאי און די בית הלל האָבן געלעבט פרידלעך צווישן זיך. עס הייסט: „ווען אפילו די איינע פאַרווערן און די אַנדערע זיינען מתיר, די איינע פּסלענען און די אַנדערע האַלטן פאַר כשר, האָבן די בית שמאי ניט פאַרמיטן צו נעמען ווייבער פון בית הלל און ניט די בית הלל פון די בית שמאי. אַלע ריינקייטן און אומריינקייטן, וואָס די זאָגן: „ריין״ און די זאָגן: „אומריין״, האָבן זיי ניט פאַרמיטן צו היטן טהרות די איינע, ווי די אַנדערע״ (יבמות, פרק א׳, משנה ד׳). די גמרא צו דער משנה וויל דער־

פון אָפּלערנען, אַז צווישן זיי האָט געהערשט ליבע און פריינט־שאַפט. („ללמדך שחיבה וריעות נוהגין זה בזה. ד. ג. דף י״ד, עמוד ב׳).

דאָס האָט געקאָנט זיין אָדער גאָר אין אָנהייב, איידער דעם יידישן קריג, אָדער גאָר צום סוף, ווען די רוימער האָבן שוין איינגענומען דאָס לאַנד. פאַר דער צייט פון דעם יידישן קריג זיינען זייערע באַציאונגען געווען שוין גאָר ניט אַזעלכע ליבע־פולע און פריינדלעכע. מיר קומען דערמיט צו יענער טראַגישער פּאַסירונג, ווען „אַ שווערד איז אויפגעפלאַנצט געוואָרן אין בית המדרש״. אָט די פּאַסירונג איז פאַרבונדן מיט יענער פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַכצן נייע גזירות („שמונה עשר דברים״).

אין אַ משנה ווערט אויף אַ זייער גלייכגילטיקן אופן דער־ציילט, אַז די תלמידי חכמים זיינען אַרויפגעגאַנגען צו חנניה בן חזקיה בן גרון אין זיין בוידעם־שטיבל, געוואויר ווערן אים. ביים איבערציילן די שטימען, האָבן די בית שמאי געהאַט אַ מאַיאָריטעט. האָט מען יענעם טאָג גוזר געווען אַכצן זאַכן. (שבת, פרק א׳, משנה ד׳ „ואלו מן ההלכות שאמרו בעליות חנניה בן חזקיה בן גרון כשעלו לבקרו. נמנו ורבו בית שמאי על בית הלל ושמונה עשר דברים גזרו בו ביום״).

דער היסטאָריקער ג ר ע ץ האָט דורך אַ מערקווירדיקן אַנאַליז פון אַלע תלמודישע שטעלן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם ענין, פאַרגליכן מיט די דאַטן פון יאָזעפוס פלאַוויאוס, אַרויסגעבראַכט אַ גאַנץ אַנדער בילד פון אָט דער אַזוי אומ־שולדיק קלינגענדיקער פאַרזאַמלונג. זע זיין נאָטע 26: „אלעזר בן חנניה און די אַכצן באַשטימונגען״ צו דעם פערטן באַנד פון זיין „געשיכטע דער יודען״ (זז. 685 ביז 691).

קודם האָט גרעץ אויסגעפונען, אַז די זיצונג איז פאָרגעקו־מען ביי דעם ז ו ן פון חנניה, ר׳ אלעזר, וועמען יאָזע־פוס שילדערט, ווי דעם קריג־פירער פון די „זעלאָטן״ (קנאים), וואָס האָט דורכגעפירט די ערשטע רעוואָלוציע אין ירושלים, האָט פאַרכאַפּט די קאַסע פון דעם בית־המקדש און האָט גע־שלאָגן סיי די רוימישע חיילות, סיי די חיילות פון דעם מלך אַגריפּאַ, סיי די גדודים פון די עקסטרעם־רעוואָלוציאָנערע „סי־קאַריער״.

די זעלאָטן, אָדער קנאים, זיינען כידוע געווען שטרענגע נאַ־ציאָנאַליסטן און ר ע פּ ו ב ל י ק אַ נ ע ר. צו די גרינדער

פון דער זעלאטישער ריכטונג האט אויך געהערט, לויט יאזע־פוס א פרוש, צדוק, וועמען גרעץ אידענטיפיצירט מיט דעם צדוק, וואס ווערט דערמאנט אין תלמוד, ווי אן אנהענגער פון די בית שמאי. עס ווערט איצטער שוין פון קיינעם ניט אפ־געפרעגט, אז די זעלאטן האבן זיך רעקרוטירט פון די בית שמאי און אז די בית שמאי זיינען געשטאנען מיט זיי. די ענגע קרובה־שאפט צווישן די קנאים און די בית שמאי האט ארויסגעבראכט ג ר ע ץ אין דער באטע 23 צו דעם פערטן באנד פון זיין גע־שיכטע (זז. 675 ביז 678). ניט קוקנדיק אויף דער שטרענגקייט, מיט וועלכער די בית שמאי האבן אפגעהיט דעם שבת, האט שוין שמאי הזקן אליין מתיר געווען צו פירן מלחמה אום שבת ניט נאר אין א פארטיידיקונג, נאר אויך אין אן אנפאל (ז. 677).

אויך אייזיק הירש ווייס סאלידאריזירט זיך, אין זיין „דור דור ודורשיו" מיט אט דעם בליק (ערשטער באנד, ז. 186). לויט קאהאנען זיינען די קנאים געשטיצט געווארן פון די בית שמאי און פון די א ר ע מ ע כהנים (זע באנד צוויי, ז. 113).

אלעזר בן חנניה, דער פירער פון די זעלאטן, איז געווען א זון פון דעם כהן גדול חנניה. נאך גאר א יונגערמאן, איז ער געווארן דער הויפטאויפזעער פון דעם בית המקדש („איש הר הבית") און האט געהאט אונטער זיך די גאנצע פאליציי פון דעם טעמפל. ווי יאזעפוס דערציילט, האט דער אלעזר דורכ־געפירט, מען זאל פון די גוים מער ניט אננעמען קיין מתנות פארן בית המקדש און אויך אפשטעלן יענע קרבנות, וואס מען פלעגט ברענגען פאר דעם רוימישן קיסר נ ע ר א ן.

גרעץ באווייזט, אז אויך אט די רעפארמען האט אלעזר דורכ־געפירט דורך די „אכצן זאכן", און אז די זיצונג האט געמוזט פארקומען אין די לעצטע יארן פאר דעם חורבן בית שני.

אין אן אנדער ארט אין דעם תלמוד געפינען זיך אויסגע־רעכנט די אכצן גזירות. זיי אלע פארווערן אנצונעמען וואס עס איז פון ניט־יידן. מע האט אויך גוזר געווען ניט צו געברויכן ניט־יידישן ברויט, בוימל, וויין, טעכטער. און די גמרא דער־קלערט: „מען האט גוזר געווען אויף זייער ברויט און בוימל, צוליב זייער וויין און אויף זייער וויין צוליב זייערע טעכטער" („פתן ושמנן ויינן ובנותיהן כולם מי"ח דברים הן . . . גזרו על פתן ושמנן משום יינן זעל יינן משום בנותיהן" (שבת דף י"ז, עמוד ב'). גרעץ נעמט אן, אז דער פארבאט פון ניט־יידישן בוימל

איז ביז צו די אַכצן גזירות געווען נאָר אַ טיילווייזער מנהג. ערשט אויף יענער היסטאָרישער זיצונג איז דער פאַרבאָט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געזעץ (ד. ג. ז. 689).

אָט אויף דער זיצונג איז דאָס געזאָגט געוואָרן, אַז „זיי האָבן אויפגעפלאַנצט אַ שווערד אין בית המדרש". „ווער עס גייט אַריין, זאָל אַריינגיין און דער וואָס וויל אַרויס, זאָל ניט אַרויס־גיין".

לויט דעם תלמוד ירושלמי, האָבן נאָר זעקס פון די בית הלל געקאָנט אַריינגיין, ווייל אויף די איבעריקע איז מען אָנגעפאַלן מיט שווערדן און שפּיזן. דיזעלביקע קוועל דער־ציילט, אַז די בית שמאי זיינען געשטאַנען אונטן און האָבן געטויט די תלמידים פון בית הלל. (תני ששה מהן (מבית הלל) עלו והשאר עמדו בחרבות ורמחים . . . בית שמאי עמדו להן מלמטה והיו הורגין בתלמידי בית הלל" (גרעץ, ד. ג, ז. 688 און 689). שפּעטער האָט מען דעם נייגטן אדר באַשטימט פאַר אַ תענית, („שנחלקו בית שמאי ובית הלל", ווייל די צוויי ריכטונגען האָבן זיך צעקריגט). אין דער־זעלביקער ירושלמי־שטעל ווערט פאַרזיכערט, אַז די אַכצן גזירות קאָנען ניט צוריקגערופן ווערן, ווייל בלויז איז צוליב זיי פאַר־גאָסן געוואָרן: „מפני שעמדו להם בנפשותיהן". דאָס מוז באַ־דייטן, אַז אויך די בית הלל האָבן זיך ניט געלאָזט אויסשעכטן, ווי די שעפּסן . . .

הייסט עס, אַז אין אָט דעם פאַל האָבן גאָר „שווערדן און שפּיזן" געשפּילט די ראָליע פון „פסוקים" און זייערע ריכטיקע אויסטייטשונגען. עס איז קלאָר, אַז אָט דער בלוטיקער קאַמף איז פאָרגעקומען ניט אַ דאַנק דעם אָדער יענעם אויסטייטש פון דעם אָדער יענעם פסוק אין דער תורה. דער קאַמף איז פאָרגעקומען, ווייל די בית שמאי זיינען געווען אַ קריגע־רישע, שאַרף־נאַציאָנאַליסטישע, רעוואָלוציאָנער־רעפּובלי־קאַנישע פאַרטיי, בעת די הלל זיינען אויך געווען גענוג נאַ־ציאָנאַליסטיש אין זייערע געפילן, אָבער אַ פרידלעכע פאַרטיי, וואָס האָט זיך ווייניק גערעכנט מיט דער פאָרמאַלער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט פון דעם יידישן לאַנד.

אָט די צוויי פאַרשיידענע שטרעמונגען זיינען ניט פאַרשוואונדן אויך שפּעטער. אין דעם ערשטן דור פון די תנאים געפינען מיר ר' אליעזר בן הורקנס אָדער ר' אליעזר הגדול, אַ תלמיד פון ר' יוחנן בן זכאי. ר' אליעזרס רבי איז זיכער געווען אַן אַנהענ־

געווען פון די בית הלל, אַזוי איז אויך געווען ר׳ יהושע. אָבער ר׳ אליעזר איז געווען מער אַ תלמיד פון די בית שמאי, איידער פון די בית הלל. אויף אים זאָגט דער תלמוד, אַז ער איז געווען „שמותי״ (שבת, דף ק״ל, עמוד ב׳). ברענגט דאָרטן רש״י אַ בפירושן ירושלמי, אַז „שמותי״ איז דער טייטש: אַ תלמיד פון די בית שמאי. אויף אָט דעם סמך רעכנט אים אויך דער „דור דור ודורשיו״ צו די בית שמאי (חלק א׳, ז. 171).

גאָר אין גאַנצן שטימט דאָס ניט. מיר געפינען צ. ב. אַ משנה, וואו ר׳ אליעזר שטימט אין אין פרט מיט די בית שמאי און אין אַן אַנדער פרט מיט די בית הלל (נדה, פרק ה׳, משנה ט׳: „זכר כדברי בית הלל והנקבה כדברי בית שמאי״).

אָבער ר׳ אליעזר הגדול איז גאַנץ באַשטימט געווען מער אַ בית שמאי־מענטש איידער אַן אָנהענגער פון די בית הלל. דעריבער נעמען מיר אים אַריין אין די בית שמאי דאָרטן, וואו ער רעדט אין זייער גייסט.

און קודם ווילן מיר הערן פון אים וועגן עפּעס, וואָס האָט אַ שייכות צו דעם קעגנזאַץ פון קריגערישקייט און פּאַסיפיזם, ווי אויך צו דער ראַליע פון די „פּסוקים״, וואָס אויף זייער סמך דאַרף אַרויסגעטראָגן ווערן דער אָדער יענער דין.

די משנה אין מסכת שבת באַשטימט, אַז אַ מענטש טאָר ניט אַרויסגיין אום שבת מיט געווער — אַ שווערד, אַ בויגן, אַ פּאַנצער, אַ שפּיז. אויב ער איז פאָרט אַרויסגעגאַנגען, איז ער חייב אַ קרבן חטאת. ר׳ אליעזר זאָגט: ער מעג. פאַר וואָס? ווייל דאָס זיינען פאַר אים אַ צירונג. די חכמים אָבער זאָגן: זיי זיינען פאַר אים אַ שאַנד. פאַר וואָס? ווייל עס שטייט געשריבן אין ישעיה: „זיי וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אין אַקער־אייזנס און זייערע שפּיזן אין שניט־מעסערס, און קיין פאָלק וועט ניט אויפהויבן אַ שווערד אויף אַן אַנדער פאָלק און מען וועט זיך ניט לערנען מער, ווי צו האַלטן מלחמה״ (שבת, פרק ו׳, משנה ד׳: „לא יצא האיש לא בסייף וכו׳ . . . ר׳ אליעזר אומר תכשיטין הן לו. וחכמים אומרים אינן אלא לגנאי שנאמר (ישעיה ז׳) וכתתו חרבותם וכו׳״).

די גמרא פרואווט זיך פאַנאַנדערקלייבן אין ר׳ אליעזרס שטעלונג. ברענגט מען פאַר אים איין דערקלערונג, אַז שפּעטער, אין משיח׳ס צייטן, וועט מען די געווער טאַקע ניט דאַרפן, אָבער ווי אַ צירונג וועלן זיי בלייבן. און נאָך אַ דערקלערונג, אַז אפשר האַלט ר׳ אליעזר, אַז אויך

אין משיח׳ס צייטן וועלן מלחמות ניט אפגעשאפט ווערן (שבת, דף ס״ג, עמוד א׳).

די אויבן־געבראכטע דערקלערונגען וועגן הללס פראסבול־רעפארם, וועגן דעם שמאי־הלל קאמף איבער „ריינקייט״ פון וויין און בוימל, וועגן די אכצן גזירות און וועגן ר׳ אליעזרס שטעלונג צו טראגן געווער אום שבת באווייזן גענוג קלאר, אז די פסוקים האבן ניט געהאט דעם באדייט, וואס מען שרייבט זיי צו. דער עיקר איז געווען — די פארשיידענע שטעלונג צו „וועלטלעכע״ פראבלעמען, און ניט צו ריין־רעליגיעזע.

לאמיר דעריבער איצט איבערגיין צו יענע איינצלנע דינים, אין וועלכע עס טרעט בולטער ארויס די שטעלונג פון ביידע ריכטונגען אין וועלטלעכע ענינים. אויך אין זיי לאזן מיר ניט ארויס פון אויג, אז די ביידע ריכטונגען האבן געלעבט און גע־שאפן אין א שארף־רעליגיעזער אטמאספערע און מסתמא האבן זיי ביידע געגלויבט, אז נאר ווען מען גייט אין ז יי ע ר ע וועגן קאן מען דורכפירן גאטס ווילן אין די באציאונגען צווישן מענטש און מענטש.

אט איז אזא פאל. צוויי מענטשן האבן געקויפט א שקלאף, און איינער האט אים באפרייט. האבן די בית הלל באשטימט, אז איין טאג דינט ער זיין האר און דער אנדערער טאג געהערט אים. זאגן צו זיי די בית שמאי: „איר האט גוט איינגעארדנט די אינטערעסן פון זיין האר. אבער אים אליין האט איר גאר ניט איינגעארדנט״ („תקנתם את רבו ואת עצמו לא תקנתם״). די בית שמאי פאדערן דעריבער, מען זאל צ ווי נ ג ע ן זיין האר, ער זאל אים באפרייען, און יענער זאל אים געבן א וועקסל אויף דאס העלפט געלט, וואס מע האט באצאלט פאר אים. אויף וואסער גרונט פאדערן דאס די בית שמאי? מען ציט ווידער פאר די האר א פסוק, דארטן וואו מען איז ניט געצוואונגען צו ציען פון שייד דעם שווערד. די וועלט, טענהן די בית שמאי, איז דאך נאר באשאפן געווארן כדי צו פארמערן די לעבעדיקע ברואים, ווייל עס שטייט געשריבן אין ישעיהו „לא לתהו בראה, לשבת יצרה״. „ניט צו וויסטקייט האט ער זי באשאפן, נאר צו באזעצן האט ער זי געפורעמט״. איז וואס זאל דער האלב־שקלאף טאן? מיט א פרייער קאן ער ניט חתונה האבן; מיט א שקלאפין אויך ניט . . . מוז מען אים אין גאנצן באפרייען (גטין, פרק ד׳, משנה ה׳).

די משנה גיט איבער, אז די בית הלל האבן דא מסכים גע־

וועך מיט די בית שמאי. זיי האָבן דאָס זיכער געטאָן ניט צו־ליב דעם פּסוק פון אַ נביא. עס איז אין ערגעץ ניטאָ קיין דין פון דער תורה, אַז יעדער איינער מוז דוקא האָבן קינדער. אַזאַ תנא, ווי בן עזאַי, איז געבליבן ניט באַווייבט, ווייל ער האָט ניט געוואָלט זיך אָפּרייסן פון זיין לערנען תורה („נפשי חשקה ב־תורה"). אַ סך זייער פרומע איסיים און נזירים זיינען גע־בליבן ניט באַווייבט.

דער פּסוק האָט דאָ געדינט די בית שמאי, כדי דורכצופירן אַ הומאַנעם דין, ניט אַ רעליגיעזן.

און דערזעלביקער ריין־הומאַניסטישער מאָטיוו טרעט קלאָר אַרויס אין יענער געזעצגעבונג וועגן די אָרעמע לייט, וואָס האָט צו טאָן מיט דער אַגראַרישער באַלעבאַטישקייט און וואָס איז ניט גאַנץ קלאָר באַשטימט געוואָרן אין דער תורה.

די חומרות (דערשווערונגען), וואָס די בית שמאי טראָגן דאָ אַריין, זיינען אין דער אמתן דערלייכטערונגען פאַר די אָרעמע לייט („חומרי דבית שמאי קולי לעניים").

וואָס איז דאָס פאַר אַ געזעצגעבונג?

אַ חוץ דעם ענין פון שמיטה (אָפּלאָזן די חובות אין דעם זיבטן יאָר), וועלכן הלל האָט אָפּגעשאַפט דורך דעם פּראָסבול, ווי מיר האָבן דאָס אויבן געזען, איז די וויכטיקסטע געזעצגע־בונג — דער צענטל פאַר דעם אָרעמאַן (מעשר עני). די תורה זאָגט וועגן דעם: „צום סוף פון אַלע דריי יאָר — אין יענעם יאָר זאָלסטו אַרויסטראָגן דעם גאַנצן מעשר פון דיין תבואה און אַוועקלייגן אין דיינע טויערן". אָט דער צענטל אַלע דריי יאָר איז געווען באַשטימט „פאַר דעם לוי, דעם פרעמדן, דעם יתום און דער אלמנה, זיי זאָלן עסן און זאַט זיין" (דברים, י"ד, 28־29). וועגן אָט דעם „מעשר עני" זיינען מיר ניט באַ־קאַנט קיין פּלוגתות צווישן די בית שמאי און די בית הלל.

אָבער עס זיינען געווען נאָך אַנדערע פאַראָרדענונגען צוליב די אָרעמע לייט. אין דער תורה שטייט געשריבן: „און אַז איר שניידט דעם שניט פון אייער לאַנד, זאָלסטו ניט דערענדיקן שניידן דעם עק פון דיין פעלד („פאה"), און דעם נאָכקלייב פון דיין שניט זאָלסטו ניט נאָכקלייבן („לקט") און דיין וויינגאָרטן זאָלסטו ניט אַרומקלייבן ריין און דאָס אָפּגעפאַלענע פון דיין וויינגאָרטן („פרט") זאָלסטו ניט אויפקלייבן. פאַרן אָרעמאַן און פאַר דעם פרעמדן זאָלסטו זיי איבערלאָזן" (ויקרא, י"ט, 9־10. יהואש).

אַ חוץ „פאה“, „לקט“ (לעקעט) און „פרט“ (פערעט), גע־הערט צו דיזעלביקע פאַראָרדענונגען צוליב דער אָרעמער באַפעלקערונג אויך די „שכחה“, לייען: „שיקכאַ“ — דאָס פאַרגעסענע. די תורה זאָגט: „אַז דו וועסט שניידן דיין שניט אין פעלד און וועסט פאַרגעסן אַ גאַרב אין פעלד, זאָלסטו זיך ניט אומקערן, זי צו נעמען; פאַרן פרעמדן, פאַרן יתום און פאַר דער אַלמנה זאָל עס זיין“ (דברים, כ״ד, 19. יהואש). דאָרטן ווערט אויך דער דין פון „פרט“ (דאָס אָראָפּגעפאַלענע) פאַרשפּרייט אויך אויף פרוכטן, ווי איילבירטן און וויינטרויבן (כ״ד, 20).

וועגן די פיר פאַאָרדענונגען האָבן מיר זייער כאַראַקטעריסטישע פלוגתות צווישן די צוויי פרושימשע ריכטונגען.

ווען איינער האָט אַן איילבערט־בוים־גאָרטן און צווישן די איילבערט־בוימער פאַרפלאַנצט ער תבואה אין לענגליכע בייטן, זאָגן די בית שמאי: עס דאַרף געלאָזן ווערן פאה פון יעדער בייט. די בית הלל זאָגן: פ ו ן א י י ן ב י י ט — א ו י ף ד אָ ס ג אַ נ צ ע. אויב אָבער די עקן פון די בייטן גיסן זיך צונויף, דעמאָלט זאָגן אויך די בית שמאי: „פון איין בייט אויף דעם גאַנצן גאָרטן“ („מלבנות התבואה שבין הזיתים“ וכו׳ פאה, פרק ג׳, משנה א׳).

די פראַגע, ווי גרויס דאַרף בכלל זיין אַ פעלד, זי זאָל „שולדיג זיין פאה“ („חייב בפאה“), איז שפּעטער אויפגעהויבן געוואָרן פון ר׳ אליעזר הגדול. לויט אים איז גענוג, אַ פעלד זאָל קאָנען פאַרזייט ווערן מיט אַ ק וו אָ ר ט זריעה, זי זאָל זיין מחויב צו פאה. לויט זיין קעגנער אָבער, ר׳ יהושע בן חנניה, דאַרף דאָס פעלד קאָנען פאַרזייט ווערן מיט פ י ר א ו ן צ וו א נ צ י ק ק וו אָ ר ט! („ר׳ אליעזר אומר: קרקע בת רבע חיב בפאה. ר׳ יהושע אומר: העושה סאתים“. פאה, פרק ג׳, משנה ו׳).

און ווי גרויס דאַרף עפּעס זיין, מען זאָל דאָס באַטראַכטן אלס שכחה, פרט און לקט? צוויי גאַרבן, צוויי קופּעס איילבערטן, צי באָקסערן, צוויי שטענגלעך פלאַקס זיינען „שכחה“ (פאַרגעסענע), אָבער ניט דריי. די בית שמאי זאָגן אומעטום: „ד ר יי געהערן די אָרעמע לייט, פיר — דעם באַלעבאָס“. דאָס אייגענע מיט „פרט“ און „לקט“. פאַר די בית הלל זיינען נאָר צוויי ווינטרויבן „פרט“ און צוויי זאַנגען „לקט“. פאַר די בית שמאי איז אויך דאָ דער דין דריי פאַר די אָרעמע לייט. („שני

עמרים שכחה ושלשה אינם שכחה״ וכו׳ . . . „ועל כולם בית שמאי אומרים: שלשה לעניים וארבעה לבעל הבית״. פאה, פרק ו׳, משנה ה׳).

ווען איינער איז „מפקיר״ אַ פעלד אָדער אַ גאָרטן פאַר אָרע־מע לייט, ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין אייגנטום־רעכט אָדער נאָר פון דעם געדעטעניש, כדי דאָס געדעטעניש זאָל געהערן צו די אָרעמע, זאָגן די בית הלל, אַז זיין דערקלערונג האָט ניט קיין האַפט. עס איז ניט „הפקר״, ביז ער זאָל בפירוש זאָגן, אַז די געדעטעניש פון דעם פעלד געהערט אויך צו די רייכע. די בית שמאי זאָגן: עס ווערט „הפקר״, און די געדעטעניש גע־הערט נאָר צו די אָרעמע לייט („בית שמאי אומרים: הפקר לעניים הפקר, ובית הלל אומרים: אינו הפקר, עד שיפקר אף לעשירים״. פאה, פרק ו׳, משנה א׳). מיר ווילן דערביי באַ־מערקן, אַז לויט אַ שפּעטערער אויסרעכענונג קאָן מען פון אַ הפקר־גאָרטן באַקומען מער ווי פינף קרוגן בוימל און מער ווי פופצן קרוגן וויין.

ווען איינער פלאַנצט אַ נייעם וויין־ אָדער פרוכט־גאָרטן, טאָר מען די ערשטע דריי יאָר ניט געניסן פון זייערע פירות. דאָס איז לויט דער תורה. פרוכטן פון דעם פערטן יאָר דאַרפן זיין „הייליק פאַר אַ לויבגעבונג צו גאָט״ (ויקרא י״ט, 23. יהואש). וואָס עס דאַרף געטאָן ווערן מיט אָט די פירות, איז דאָ ניט אונדזער דאגה. דאָ דאַרף נאָר באַמערקט ווערן, אַז איינצלנע אַראָפּגעפאַלענע ווינטרויבן, צי ניט־געראָטענע גאַנצע הענגלעך זיינען ניט הייליק. איז — וועמער זאָל זיי געניסן? די בית שמאי זאָגן: זיי דאַרפן געהערן צו די אָרעמע לייט. די בית־הלל זאָגן: צו דעם באַלעבאָס אין זיין קעלטער. („כרם רבעי . . . בית שמאי אומרים יש לו פרט ויש לו עוללות . . . ובית הלל אומ־רים: כולו לגת פאה, פרק ז׳ משנה ו׳).

אין דערזעלביקער ליניע פון איינגרעניצן דאָס אייגנטום־רעכט פון דעם באַלעבאָס צוליב די אינטערעסן פון די נויט־באַדערפטיקע, געהערט אויך די פאַראָרדענונג פון פאַרלאָזן די פעלדער און גערטנער יעדן זיבעטן יאָר. עס הייסט אין דער תורה: „זעקס יאָר זאָלסטו זייען דיין לאַנד און איינזאַמלען איר תבואה. אָבער דאָס זיבעטע יאָר זאָלסטו עס פאַרלאָזן און עס איבערלאָזן פריי, כדי די אביונים פון דיין פאָלק זאָלן עסן״. (שמות כ״ג, 10־11. יהואש).

אויב מען איז ניט זיכער מיט איינעם, צי ער היט אָפּ דעם

דין פון „שביעית", פון דעם זיבטן יאָר, דהינו, אַז ער עסט אַליין אויף די פּירות, באַשטימען די בית שמאי, אַז מען טאָר אים ניט פאַרקויפן קיין קוה אויף צו אַקערן. די בית הלל זאָגן: מען מעג. („בת שמאי אומרים: לא ימכור לו פרה חורשת ב־שביעית ובית הלל מתירין". שביעית, פּרק ה׳, משנה ח׳). אינ־דירעקט שטעלן זיך די בית שמאי דאָ איין פאַר די אינטערעסן פון די אביונים: די באַלעבאַטים וועלן זיין מער אָפּגעהיט אין דעם געזעץ פון שביעית, ווען זיי וויסן, אַז פאַר אַ חשד אויף זיי ווערן זיי אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן באַשטראָפט. אין די געבראַכטע פלוגתות טרעט שוין אַרויס די טענדענץ פון די בית הלל צו פאַרהיטן מער די אינטערעסן פון דעם אייגנטימער. עס זיינען אָבער פאַראַן הלכות, וואו אין די פלוגתות וועגן זיי טרעט נאָך שאַרפער אַרויס די פאַרשיידענע שטעלונג פון די צוויי ריכטונגען צו דעם עצם ענין: אייגנטום־רעכט — דער עיקר אין די פראַגן פון ירושות.

ווען אַ מאַן שטאַרבט און לאָזט ניט איבער קיין קינדער, וואַרט זיין פרוי, אַז איר שוואָגער זאָל זי נעמען פאַר אַ ווייב. אַזוי איז דער דין פון דער תורה. די פרוי האָט אַ „כתובה" פון איר מאַן, וואָס גיט איר אַ רעכט אויף אַ געוויסן טייל פון זיין אייגנטום. אויב די פרוי באַקומט פון וואַנען עס איז „גי־טער" אין דער צייט פון איר וואַרטן, איז סיי איר נייער אייגנס, סיי איר כתובה איר אייגנטום און זי מעג טאָן דערמיט וואָס זי וויל.

ווי איז אָבער אַז סיי די פרוי, סיי איר שוואָגער שטאַרבןביידע אַוועק? צו וועמען דאַרף דעמאָלט איבערגיין בירושה איר נייער אייגנס און איר כתובה? עס פּרעטענדירן אויף דער ירושה סיי די יורשים פון איר שוואָגער, סיי די יורשים פון איר פאָטער. באַשטימען די בית שמאי, אַז דער גאַנצער אייגנס מיט דער כתובה דאַרף געטיילט ווערן העלפט אויף העלפט צווישן די יורשים פון דעם שוואָגער און די יורשים פון איר פאָטער. די בית הלל אָבער טענהן: „נכסים בחזקתן!" „די גיטער דאַרפן געהערן צו יענע, צו וועמען זיי האָבן יורידיש פריער געהערט". לפי דעם געהערט די כתובה צו די יורשים פון דעם שוואָגער (ווי דעם יורש פון דעם געשטאָרבענעם מאַן) און די נייע אייגנס פון דער פרוי געהערן איר פאָטערס יורשים. („שומרת יבם שנפלו לה נכסים וכו׳. בית הלל אומרים: נכסים בחזקתן וכו׳. יבמות, פרק ד׳, משנה ג׳).

אַט איז אַן אַנדער פאַל: אין אים וואַרפן די בית שמאי אויף, אַז די בית הלל זיינען צו שטייף אין געלט־זאַכן. אַ פרוי איז אַוועק מיט דעם מאַן אין אַ מדינה איבערן ים. זי קומט צוריק און דערציילט, אַז איר מאַן איז געשטאָרבן. זאָגן די בית שמאי, אַז זי איז באַגלויבט. זי מעג חתונה האָבן און באַ־קומען די כתובה פון דעם פאַרמעגן פון איר פריערדיקן מאַן. די בית הלל זאָגן: חתונה האָבן — יאָ, אָבער באַקומען די כתובה — ניט. זאָגן צו זיי די בית שמאי: אויב איר האָט אַ חשד אויף איר, האָט איר דערלויבט אַ מענטשן צו לעבן מיט אַ פרעמדער ווייב, אָבער אין געלט־זאַכן קאָנט איר דען ניט זיין אַזוי טאָלעראַנט? (יבמות, פרק ט״ו, משנה א׳, ב׳ און ג׳: „אמרו להן בית שמאי התרתם ערוה חמורה, לא תתירו את הממון הקל״ . . .)

דעמזעלביקן פּרינציפּ פון „נכסים בחזקתן״, גיטער דאַרפן געהערן צו יענע פּערזאָנען, וואָס האָבן אַ י ו ר י ד י ש ן רעכט אויף זיי, ווענדן די בית הלל אָן אויך אין נאָך אַ פּאָר קאָמפּליצירטע פאַלן פון י ר ו ש ה, וואו פאַרשיידענע יור־שים קאָנען ברענגען פאַרשיידענע טענות. אין אַט די פאַלן פאַרלאַנגען די בית שמאי, די יורשים זאָלן זיך טיילן גלייך אויף גלייך. די בית הלל פאָדערן, דער בית דין זאָל יורידיש באַשטימען, ווער עס דאַרף אין אַט די פאַלן האָבן מער רעכט און ווער — ווייניקער. אַלץ טאַקע מחמת „נכסים בחזקתן״. (בבא בתרא, פרק ט׳, משנה ח׳ און ט׳).

ווייניק געשווינט דעם אייגנטימער האָבן די בית שמאי אין דעם פּרט פון אָפּצאָלונגען פאַר די כהנים. לאָמיר ניט פאַר־געסן, אַז אויך אין די דערפער און די קליינע שטעט זיינען גע־ווען אָ ר ע מ ע כהנים, וואָס האָבן קיין אַנדער חיונה ניט געקאָנט האָבן, ווי נאָר פון די אָפּצאָלונגען.

ווען מען פאַרקנעט טייג אויף באַקן ברויט, דאַרף גענומען ווערן „ ח ל ה ״ פאַר דעם כהן. ווי גרויס עס זאָל זיין די טייג, זי זאָל זיין חייב אין חלה? די בית שמאי זאָגן: טייג פון אַ קוואַרט מעהל. די בית הלל זאָגן: פון צ וו יי קוואַרט מעהל (עדיות, פרק א׳, משנה ב׳).

ביי שערן די שאָף דאַרף דאָס ערשט ביסל געשאָרענע וואָל געהערן דעם כהן (דאָס איז „ראשית הגז״). וויפל שעפּסן דאַרף איינער האָבן, ער זאָל דאַרפן געבן פון זיי אַט די אָפּצאָלונג?

די בית שמאי זאָגן: צוויי. די בית הלל זאָגן: מ י נ ד ע ס ־ ט ע נ ס פ י נ ף (חולין, פרק י״א, משנה ב׳).

מיר ווענדן זיך איצט צו אַ פּונקט, וואָס איז אַזוי כאַראַק־טעריסטיש פאַר די בית שמאי. עס איז ידוע, אַז די בית שמאי האָבן זייער הויך געהאַלטן די הייליקייט פון שבת און יום טוב. אין אָט דעם פּרט זיינען זיי אַריבערגעטראָפן געוואָרן סיידן נאָר פון די קאָמוניסטישע איסיים. דער סאָציאַלער ווערט פון שבת און יום טוב באַשטייט קודם כל א י ן ד ע ר ר ו, וואָס די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג האָט אין יענע טעג, אָבער אויך אין דעם תענוג, וואָס רעליגיעזע רו־טעג ברענגען.

אין ביידע פּרטים זיינען די בית שמאי געווען מער אָפּגע־היט, איידער די בית הלל, הגם מיר האָבן אויבן געזען, אַז דאָרטן, וואו עס איז געגאַנגען אין קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אומ־אָפּהענגיקייט, האָט שמאי מתיר געווען אפילו צו פירן אַן אַנ־גרייף־מלחמה אום שבת.

עס ווערט געפרעגט, צי מען מעג אַרבעטן אין דער נאַכט וואָס פאַר ערב־פּסח? די בית הלל זיינען מתיר אַזאַ אַרבעט ביז זון־אויפגאַנג. די בית שמאי פאַרווערן אָט די נאַכט־אַרבעט (פּסחים, פּרק ד׳, משנה ה׳). זיי פאַרווערן אויך צו קנעטן אום יום טוב שווערע ברויט; קנעטן מעג מען נאָר קיכ־לעך (עדיות, פּרק ג׳, משנה י׳).

פון אַ קאַרב פייגן, וואָס מע האָט אָנגעגרייט אויף שבת, דאַרף מען ניט געבן קיין מעשר (אַ צענטל) פאַר די לוויים, אַזוי האַלטן די בית שמאי. די בית הלל פאָדערן, דער מעשר זאָל גענומען ווערן (מעשרות, פּרק ד׳, משנה ב׳ און עדיות, פּרק ד׳ משנה י׳).

אַ קליינער כאַראַקטעריסטישער שטריך פאַר די בית שמאי: דער פאַל מיט דער „באַרימטער" „ביצה שנולדה ביום טוב" — אַן איי, וואָס איז געלייגט געוואָרן אין אַ יום טוב, וואָס איז אַ טאָג נאָך שבת. די בית הלל פאַרווערן זי צו עסן אין יע־נעם טאָג. די בית שמאי דערלויבן. כאַראַקטעריסטיש איז דער שטריך דערפאַר, ווייל פאַראינטערעסירט אין אַזאַ דערלייכטע־רונג האָט באמת געקאָנט זיין נאָר דער אַ ר ע מ אַ ן, פאַר וועמען אַן איי אום יום טוב איז שוין אַ שטיקל תענוג.

די בית שמאי זיינען אויך אַ סך הומאַנער איידער די בית הלל אין דער געזעצגעבונג וועגן פרויען, וואָס איז לויט דער תורה אין אייניקע פּרטים אַ היפּש ש ו ע ר ע, אַ ווייניק הומאַנע געזעצגעבונג. אַזוי, צום ביישפּיל, ווען אַ מאַן שטאַרבט און

לאָזט ניט איבער קיין ז ו ן נאָך זיך, דאַרף איר שוואָגער („יבם") „באַשוועגערן" די פרוי, ד. ה. נעמען זי פאַר אַ ווייב („ולקחה לו לאשה ויבמה"). זאָגט ער זיך אָפּ, דאַרף די פרוי נעמען חליצה — אַ פייערלעכע פּראָצעדור, פון וועלכער יידישע פרויען זיינען על פי דין נאָך ניט באַפרייט עד היום (דברים כ"ה, 5־9).

פאַראַן אָבער פאַלן, ווען דער שוואָגער האָט קיין רעכט ניט צו נעמען זיין שוועגערין, די אלמנה, פאַר אַ ווייב.

וועגן אַזעלכע פאַלן זיינען פאָרגעקומען קאָנטראָווערזן צווישן די בית שמאי און די בית הלל.

איין פאַל איז אַזאַ: פון פיר ברידער האָבן צוויי גענומען צוויי שוועסטער פאַר ווייבער און זיינען געשטאָרבן, ניט אי־בערלאָזנדיק קיין זין. איז אָט דעם פאַל טאָרן די אַנדערע צוויי ברידער ניט נעמען די אלמנות פאַר ווייבער. זיי מוזן געבן חליצה. ווי איז אָבער, אַז די ברידער האָבן זיי פאַרט גענו־מען פאַר ווייבער? פאָדערן די בית הלל, אַז מען מוז זיי געבן אַ גט. די בית שמאי אָבער זאָגן, אַז זיי זאָלן בלייבן זייערע ווייבער (ארבעה אחין שנים מהן נשואים ב' אחיות וכו'. בית שמאי אומרים: יקיימו, ובית הלל אומרים: יוציאו". (יבמות, פרק ג', משנה א'). אין די ענינים פון חתונות און גטן מוז מען האָבן אין זינען, ווי וויכטיק עס איז אין יענער צייט געווען פאַר דער פרוי, צו האָבן אַ מאַן. און — וואָס עפּעס נאָר „אין י ע נ ע ר צייט"? . . .

נאָך אַ פאַל: פון דריי ברידער האָבן צוויי ברידער חתונה געהאַט מיט צוויי שוועסטער. דער דריטער איז געבליבן ניט באַווייבט („מופנה"). מאַכט זיך, אַז איינער פון די באַווייבטע איז געשטאָרבן. האָט דער ניט־באַווייבטער שוואָגער מקדש געווען זיין פרוי. דערנאָך איז אויך דער אַנדער ברודער גע־שטאָרבן. פאָדערט אויך זיין ווייב, דער ניט־באַווייבטער זאָל זי נעמען אָדער געבן איר חליצה. לויט דעם דין טאָר ער זי אָבער ניט נעמען פאַר אַ ווייב. זאָגן די בית שמאי: די ערשטע ווייב בלייבט אַ ווייב און די צווייטע גייט אַרויס פריי: ניט זי מוז זיין זיין ווייב און ניט זי דאַרף נעמען חליצה. די בית הלל אָבער פאָדערן, אַז דעם ערשטנס ווייב דאַרף ער פריער גטן און דערנאָך דאַרף זי נעמען פון אים חליצה. דעם צווייטנס ווייב דאַרף ער גלייך געבן חליצה.

די הלכה איז באַשטימט געוואָרן, לויט די פאָדערונגען פון

די בית הלל. באמערקט דערויף די משנה: „אט דאס איז וואס מע האט געזאגט: ווי צו אים פאר זיין ווייב און ווי צו אים פאר זיין ברודערס ווייב" („זו היא שאמרו: אוי לו על אשתו ואוי לו על אשת אחיו". יבמות, פרק ג׳, משנה ה׳).

מיר ברענגען דא א פאל וואס האט צו טאן מיט מ י נ ־ ד ע ר י א ר י ק ע פרויען, וואו די בית שמאי ווארפן פאר די בית הלל, אז זיי זיינען ניט גענוג פאראינטערעסירט אין דעם גורל פון יידישע טעכטער. אויב איינער האט מקדש גע־ווען א מינדעריאריקע יתומה, לויט דער דערלויבעניש פון דער מוטער אדער פון די ברידער, און זי וויל ניט אט דעם מאן, איז אויב איר דערקלערונג איז פארגעקומען פאר דער חתונה, דארף זי ניט האבן פון אים קיין גט. אזוי זאגן די בית שמאי. די בית הלל זאגן, אז אפילו נאך דער חתונה דארף זי ניט קיין גט און די ברידער אדער די מוטער קאנען לאזן זי מקדש זיין — אונטער דיזעלביקע באדינגונגען — פיר צי פינף מאל. אין אונדזער פאל מיט דער מינדעריאריקער יתומה זיינען אירע עלטערן און אפטרופסים די פולע באלעבאטים איבער איר, צו פארקנסן זי דאס צו איינעם, דאס צו דעם אנדערן עטלעכע מאל. אזוי באשטימען די בית הלל. די בית שמאי אבער פאר־ווערן, מען זאל זי נאך אמאל מקדש זיין. זיי זאגן צו די בית הלל, אז „יידישע טעכטער זיינען ניט קיין הפקר־זאך". זאל די יתומה ווארטן בי זי וועט ווערן פוליאריק. דעמאלט קאן זי זיך אפזאגן פון דעם ערשטן מאן און חתונה האבן מיט אן אנ־דערן. („בית שמאי אומרין: אין ממאנין אלא ארוסות וכו׳. אמרו להן בית שמאי: א י ן ב נ ו ת י ש ר א ל ה פ ק ר וכו׳". יבמות, פרק י״ג, משנה א׳).

מע האט מקדש געווען א פרוי און נאך פאר דער חתונה האט זי באקומען א ירושה. האלטן די בית שמאי, אז דאס איז איר אייגנטום און זי מעג דאס פארקויפן. די בית הלל אבער פאדערן, אז דאס זאל אריינגיין אין יענעם אייגנס, וואס זי ברענגט דעם מאן (כתובות, פרק ח׳, משנה א׳).

ווען מענער באשולדיקן זייערע פרויען אין אומטרייקייט, און די פרויען לייקענען די באשולדיקונג, דארפן די פרויען טרינ־קען א מאגישן געטראנק אין ירושלים („מים המרים המאררים" — „וואסער פון ביטערניש, וואס מאכט פארשאלטן". במדבר ה׳, 18. יהואש). אויב זיי ווערן ניט געשוואלן פון אט דעם גע־טראנק, איז דאס א באוויז, אז זיי זיינען אומשולדיק.

ווי איז אָבער דער דין, ווען די מאַנען שטאַרבן, איידער די פרויען האָבן געטרונקען דעם געטראַנק? — זאָגן די בית שמאי, אַז זיי דאַרפן ניט טרינקען און זיי באַקומען זייערע כתובות פון דעם מאַנס פאַרמעגן. די בית הלל אָבער זאָגן: טרינקען דאַרפן זיי ניט, אָבער די כתובה־רעכט פאַרלירן זיי (סוטה, פרק ד׳, משנה ב׳). נאָר די וויכטיקסטע פראַגע אין דעם ענין פון גטן איז, ווען מעג אַ מאַן גטן זיין פרוי? די בית הלל זאָגן: אפילו דעמאָלט ווען זי האָט „צוגעברענט זיין געקעכטס" („הקדיחה תבשילו"). (שפּעטער האָט ר׳ עקיבא געפּסקנט, אַז ער מעג זי גטן „אפילו ווען ער האָט געפונען אַ שענערע פאַר איר"). די בית שמאי אָבער האָבן געפאָדערט, אַז אַ מאַן זאָל מעגן גטן זיין פרוי נ אָ ר דעמאָלט, ווען זי איז אים געוואָרן אומ־טריי ב ל י ס פ ק (גיטין, פרק ט׳, משנה י׳).

ווען אַ מאַן האָט אָפּגעגט זיין פרוי און, פאַרענדיק אַהיים, האָט ער גענעכטיקט מיט איר אין איין אכסניה, פאָדערן די בית הלל, זי זאָל האָבן אַ צווייטן גט, און אַז ניט, טאָר זי ניט חתונה האָבן, ווייל זי איז נאָך אַ מאַנס פרוי. די בית שמאי אָבער זאָגן, אַז זי דאַרף ניט האָבן קיין צווייטן גט (גיטין, פרק ח׳, משנה ט׳).

מיר האָבן אויבן באַמערקט, אַז אין די דינים פון טומאה וטהרה („ריינקייט און אומריינקייט") זיינען די בית שמאי גע־ווען די שטרענגסטע. האָט מען געקאָנט דערוואַרטן, אַז אויך אין די פּרטים פון די פּעריאָדישע פרויען־אומריינקייטן (אין די דינים פון „נדה"), וועלן די בית שמאי זיין די מחמירים, די וואָס מאַכן שווערער דעם יאָך. מיר קאָנען זיך דאָ ניט אַריינ־לאָזן אין די פּרטים, אָבער דער פאַקט איז, אַז די בית שמאי זיינען אין אָט די דינים גראָד געווען פון די מקילים, וואָס שטעלן גרינגערע פאָדערונגען, „כדי ניט מבטל זיין די אידישע טעכ־טער פון פריה ורביה" (די מצוה פון פאַרמערן דעם מענטשלעכן מין. עדיות, פרק א׳, משנה א׳, לויט דעם פירוש פון בר־טנורא).

צום סוף פון דעם ענין „פרויען־פראַגע", ווילן מיר ברענ־גען נאָך אַ פלוגתא צווישן די בית שמאי און די בית הלל, וואָס האָט מער אַ ס י מ ב אָ ל י ש ן באַדייט.

ווען מען איז מקדש אַ פרוי מיט געלט אָדער מיט אַ ווערט־פולן חפץ — וואָס דאַרף זיין דער ווערט דערפון? די בית שמאי זאָגן: דאָס דאַרף האָבן דעם ווערט פון אַ רענדל (אַ רוימישן זילבערנעם אָדער גילדערנעם דינאַר). די בית הלל זאָגן: עס

איז געגוג דער ווערט פון אַ פּרוטה, וואָס איז די קלענסטע קו־פּערנע מטבעה. אין אַ זילבערנעם דינאַר זיינען הונדערט און צוויי און ניינציק פּרוטות (קידושין, פּרק א׳, משנה א׳).

מיר ווילן דאָ אגב באַמערקן, אַז אויך ביי ר׳ אליעזר הגדול, וואָס איז דאָס רוב געווען אַן אָנהענגער פון די בית שמאי מיט זייערע דערשוואַרונגען, געפינען מיר דערלייכטערונגען פאַר די פּרויען און די מינדעריאַריקע. מיר קאָנען זיך אָבער דאָ ניט אָפּשטעלן אויף זיי. אין די ריינהייטס־געזעצן איז ר׳ אליעזר מער ליבעראַל, ווען עס איז געגאַנגען אין די אינטערעסן פון די באַלמעלאָכעס. דער דין איז געווען, אַז די ברע־טער, אויף וועלכע די בעקער וועלגערן דאָס ברויט, זאָלן קאָנען טמא ווערן. ר׳ אליעזר איז געווען קעגן אָט דעם דין (עדיות, פּרק ז׳, משנה ז׳).

וואַרפן מיר אַן איבערבליק איבער די אויבן־אָנגעפירטע פילע דינים וועגן די קנעכט, שטייערן צוליב די אָרעמע לייט, וועגן דער שטעלונג צו דעם אייגנטום־רעכט, וועגן די רו־טעג און דעם עונג שבת און יום טוב, ווי אויך וועגן די ענינים פון חליצה, ירושה פון פרויען און גטן, מוזן מיר קומען צו דעם אויספיר, אַז די געזעצגעבונג פון די בית שמאי איז אין אָט די אַלע פּרטים געווען אַ סך אַ הומאַנערע, איידער די געזעצן פון די בית הלל, און אַז דאָרטן, וואו עס איז געגאַנגען אין דעם אינטערעסן־קאָנפליקט פון „אָרעם און רייך״, זיינען די בית שמאי געווען גראָד די, וואָס האָבן געהאַט די אינטערעסן פון דער אָרעמקייט אַ סך מער אין זינען, איידער דאָס איז געווען דער פאַל מיט די בית הלל.

נאָר איין איינציקן יוצא מן הכלל האָבן מיר אין אָט דעם ענין. עס האָט צו טאָן מיט די דינים וועגן פאַר־געסענע אַגראַר־פּראָדוקטן („שכחה), ווען מען נעמט אַראָפּ די גערעטעניש.

מיר האָבן אויבן געזען, אַז לויט די בית הלל, זיינען צוויי איבערגעלאָזענע גאַרבן אין פעלד אַ „פאַרגעסנקייט״, דריי אָבער געהערן שוין דעם באַלעבאָס, און אַז, לויט די בית שמאי זיי־נען דריי אויך „אַ פאַרגעסנקייט״ און געהערן לפי דעם צו די אָרעמע לייט.

האָבן מיר אָבער אויך אַזעלכע צוויי פלוגתות: 1) „ווען אַלע גאַרבן פון אַ פעלד זיינען פון איין קוואָרט (מען קאָן פון זיי אויס־דרעשן נאָר אַ קוואָרט תבואה—זש.) און איין גאַרב איז פון פיר

קוואַרט, און מע האָט דאָס פאַרגעסן, זאָגן די בית שמאי, אַז דאָס איז נ י ט פאַרגעסן, און די בית הלל זאָגן, אַז עס איז י אָ פאַרגעסן".

2) „אַ גאַרב, וואָס איז אָנגעשפּאַרט אָן אַ צאַם, אָדער אָן אַ שייער, אָדער אָן די רינדער מיט די אַקער־געצייג, און מע האָט דאָס פאַרגעסן, זאָגן די בית שמאי: ס'איז נ י ט פאַרגעסן און די בית הלל זאָגן: ס'איז י אָ פאַרגעסן". (פאה, פרק ו', משנה א' און ב').

הייסט עס, אַז אין בײדע פאַלן איז דער באַשייד פון די בית הלל צו גונסטן פון די אָרעמע לייט, בעת די בית שמאי פאַר־טרעטן דאָ די אינטערעסן פון דעם באַלעבאָס.

מיר שטעלן זיך אָפּ אויף אָט די צווײ אויסנאַמען, ווייל זיי שטייען אין אַזאַ שאַרפן קעגנזאַץ צו אַלע אַנדערע געזעצן וועגן די אָרעמע, אין וועלכע די חומרות פון די בית שמאי זיינען אין דער אמתן „קולי לעניים".

מיר דוכט, אַז גראָד אָט דער קעגנזאַץ גיט אונדז אַ מעגלעכ־קייט צו קאַריגירן די אויבן־געבראַכטע סאָציאָלאָגישע סברה פון פּראָפעסאָר לואי פינקלשטיין, אַז די בית שמאי האָבן פאַרגע־שטעלט מיט זיך דעם קלאַס פון די פּ אַ ט ר י צ י ע ר, פון די רייכע גוטס־באַזיצער.

ס'איז אמת, אַז צווישן די אונדז באַקאַנטע תלמידים פון די בית שמאי (מיר ווייסן נאָר זייער ווייניקע נעמען) איז איינער — בבא בן בוטי — געווען זייער אַ רייכער מענטש. צי ער איז געווען אַ גוטס־באַזיצער, איז ניט באַקאַנט. אויב מען זאָל צו־רעכענען אויך אליעזר בן הורקנס צו די בית שמאי, וועלן מיר דאָ האָבן פאַר זיך אַ זון פון אַ זייער רייכן פויער. און ער אַליין האָט אויך געהערט צו דעם רייכערן קלאַס.

די צוגעהעריקייט פון אַ באַשטימטן מענטשן צו אַ באַשימטן סאָציאַלן קרייז איז אָבער ק יי נ מ אָ ל ניט קיין אָנדייט אויף דעם סאָציאַלן מהות פון זיין „אידעאָלאָגיע". דאָס האָט זייער גוט פאַרשטאַנען קאַרל מאַרקס אַליין, וואָס איז זיכער געווען איינער פון די וויכטיקסטע באַגרינדער פון דעם סאָציאָ־לאָגישן בליק אויף דעם כאַראַקטער פון די פאַרשיידענע געזעל־שאַפטלעכע „אידעאָלאָגיעס".

אין זיין פּאָלעמיק אַנטקעגן פּרודאָנען (אין דעם „דלות פון פילאָסאָפיע") דערקלערט קאַרל מאַרקס, אַז די שייכות פון דעם „אידעאָלאָג" צו דעם קלאַס, וועלכן זיין „אידעאָלאָגיע" פאַר־

טרעט, איז אַזאַ: דער אידעאָלאָג קאָן   א י ן   ז י י ן   ג ע־ ד אַ נ ק   ניט אַריבערשפּרייזן יענע גרעניצן, וועלכע דער קלאַס קאָן ניט אַריבערשפּרייזן   א י ן   ד ע ם   ו ו י ר ק ל ע כ ן   ל ע ב ן.

ווענדן מיר אָן אָט דעם גרונט־געדאַנק אויף די אויבן־גע־בראַכטע צוויי אויסנאַמען אין דער שאַמאַי־איטישער געזעצ־געבונג וועגן די אָרעמע לייט, מוזן מיר מודה זיין, אַז דורך זיי רעדט די פּסיכאָלאָגיע פון דעם   ק ל יי נ ע ם   פּ ו י ע ר, פאַר וועמען אַ גאַרב פון פיר קוואַרט תבואה איז שוין אַ קרן, בפרט וואָן אַלע אַנדערע גאַרבן פון זיין פעלד זיינען נאָר צו איין קוואַרט. אַזוי אויך מיט דעם גאַרב — אפילו פון איין קוואַרט — אַן אַנגעשפּאַרטן אַן עפּעס. פאַר די בית שמאי איז דאָס אַ באַווייז, אַז ער האָט דאָס געטאָן באַוואוסטזיניק, כדי אים   נ י ט   צו פאַרגעסן.

פאַר די בית הלל אָבער, וועלכע אויך פּראָפעסאָר פינקל־שטיין באַטראַכט מיט גוטן רעכט, ווי פאַרטרעטער דער עיקר פון דעם האַנדל־קלאַס און פון דער ריין־שטאָטישער אָרעמ־קייט, איז אָט די קליין־פּויערימשע פּסיכאָלאָגיע מסתמא געווען אין גאַנצן פרעמד.

צום סוף — לאָמיר באַרירן די פאַר שטעלן, וואָס האָבן ניט קיין שייכות צו דער געזעצגעבונג און האָבן גאָר צו טאָן מיט דעם וועלט־באַנעם און דעם לעבנס־בליק פון די צוויי ריכ־טונגען.

די גמרא דערציילט: „תנו רבנן", די רבנן האָבן געלערנט: „צוויי און אַ האַלב יאָר האָבן די בית שמאי דיסקוטירט מיט די בית הלל. ד י (בית שמאי) זאָגן: עס איז בעסער פאַר דעם מענטשן ניט געבאָרן צו ווערן, איידער געבאָרן צו ווערן, און יענע (די בית הלל) זאָגן: עס איז בעסער פאַר דעם מענטשן געבאָרן צו ווערן, איידער ניט געבאָרן צו ווערן. האָט מען גע־ציילט די שטימען און באַשטימט: עס איז בעסער פאַר דעם מענטשן ניט געבאָרן צו ווערן" (עירובין, דף י"ג, עמוד ב').

אַ שאָד — אַ שאָד, וואָס דער   א י נ ה אַ ל ט   פון אַזאַ וויכטיקער און לאַנג־אַנדויערנדיקער דיסקוסיע וועגן אָפּטי־מיזם און פּעסימיזם איז ניט דערגאַנגען צו אונדז. עס איז אָבער   כ אַ ר אַ ק ט ע ר י ס ט י ש,   וואָס די בית שמאי האָבן פאַרטיידיקט די טעזע פון דעם פּעסימיזם. אַ פּעסי־מיסטישע שטימונג צו דעם מענטשלעכן לעבן פּאַסט זיך זייער

וויניק אריין אין דער פסיכאלאגיע פון די רייכע פאטריציער, ווי די בית שמאי ווערן כאראקטעריזירט ביי פראפעסאר לואי פינקלשטיין.

אין אן אנדער ארט ווערט מיטגעטיילט, אז לויט די בית שמאי האט גאט פריער באשאפן דעם הימל, דערנאך די ערד. די בית הלל אבער ווילן האבן, אז פריער איז באשאפן געווארן די ערד, דערנאך דער הימל. ביידע בארופן זיך אויף באשטימטע פסוקים. אבער מיר ווייסן שוין דעם ווערט פון די פסוקים אין די פלוגתות פון דעם תלמוד!

ב א כ ע ר, וואס ברענגט אט די פלוגתא אין זיין קלאסישן דייטשן ווערק „די אגדות פון די תנאים", באמערקט, אז זי שפיגלט אפ דעם אונטערשייד פון די ביידע ריכטונגען אין זייער פארשיידענעם וועלט־ און לעבנס־באנעם. די בית שמאי זיינען א י ד ע א ל י ס ט י ש געשטימט. איז פאר זיי „ה י מ ל" די ערשטע זאך. די בית הלל זיינען ר ע א ל י ס ט י ש געשטימט און האבן מער אין זינען די ע ר ד י ש ע אינטערעסן. פארדינט דעריבער די „ערד", זי זאל פריער באשאפן ווערן.

(פ""גל די העברייאישע איבערזעצונג פון באכערס ווערק: אגודת התנאים, ז. 11).

ניט קוקנדיק אויף די אלע דאטן, וואס מיר האבן דא געבראכט, וואו די בית שמאי טרעטן בפירוש ארויס אין א מער סימפאטישער באלייכטונג, איידער די בית הלל, קאנען מיר זיי ניט באטראכטן פאר יענער פארטיי, וואס האט פארגעשטעלט מיט זיך דעם העכסטן יושר פון יענער צייט אין סאציאלע ענינים. די בית שמאי קאנען זייער שווער צוגעציילט ווערן צו די פ ר א ג ר ע ס י ו ו ס ט ע שטרעבונגען פון די ארבעטנדיקע שיכטן אין דעם דעמאלטיקן ארץ־ישראל.

ווען מיר ווארפן א בליק אויף די פארטייען און ריכטונגען פון זייער צייט, געפינען מיר, אז די בית שמאי האבן פארנומען נאר א מ י ט ל ־ ש ט ע ל ו נ ג אין די גייסטיקע און רעוואלוציאנער פיזישע קאמפן פון יענער צייט.

די יידישע געזעלשאפט אין ארץ־ישראל האט דעמאלט געהאט: 1) די אריסטאקראטיש־קלעריקאלע פארטיי פון די צדוקים און ביתותים, 2) די בית הלל, 3) די בית שמאי, 4) די קנאים, די „זעלאטן", 5) די ריין־קאמונסטישע רעליגיעז העכסט פרומע און פרידלעכע א י ס יי ם, 6) די קאמוניסטיש־

רעוואָלוציאָנערע און נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע ס י ק אַ ־ ר י ע ר („סיקריון״), וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם עקסט־לינקן פליגל פון די זעלאָטן, און 7) די „אביונים״, וואָס זיינען געווען די יידישע קריסטן און האָבן זיך ווידערגעטיילט אין: א) „פרושימשע אביונים״, וואָס האָבן אָפּגעהיט אויך די געזעצן פון די פרושים (פון די ערשטע „תנאים״) און ב) די אַנטי־פרושימשע אביונים, וואָס האָבן זיך געהאַלטן נאָר פאַר תורת משה — מסתמא מיט די צוגאָבן פון די קאָמוניסטישע איסיים.

עס זיינען פאַראַן באַשרייבונגען פון יענער צייט ביי ריין־וועלטלעך־געשטימטע היסטאָריקער, ווי דער יידישער ס ע ן ־ ס י מ אָ נ י ס ט ס אַ ל ו וואַ ד אָ ר אין זיין פראַנצויזישן ווערק וועגן דעם לעבן פון ישו הנוצרי, ע ר נ ס ט ר ע נ אַ ן אין זיינע אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק און וועגן די ערשטע יאָרהונדערטער פון דער קריסטלעכער קירך, און ז ש. ק אָ ה אַ ן, אין זיין ווערק וועגן די פ ר ו ש י ם.

לייענט מען אָט די אַלע באַשרייבונגען, דערמאָנט מען זיך ניט ווילנדיק אָן דאָס געניאַלע ווערטל פון דעם געניאַלן דיכ־טער און ד ע נ ק ע ר, ה יי נ ר י ך ה יי נ ע, וואָס האָט געזאָגט, אַז ארץ־ישראל איז אַ שטיק א יי ר אָ פּ ע, וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין אַזיע.

אין דער אמתן קאָן מען אין דער אייראָפּעאישער געשיכטע פון יענע קלאַסן־ און פאַרטיי־קאַמפן, וואָס זיינען פאָרגעקו־מען אפילו אין דעם מ י ט ל ־ אַ ל ט ע ר, שוין געפינען פאַרטיי־ריכטונגען אַנאַלאָגישע צו די אַלט־יודעאישע. ווער רעדט שוין וועגן דער צייט פון דער ר ע נ ע ס אַ נ ס, מיט אירע רעפאָרם־באַוועגונגען, פויערים־קריגן און קאָמוניס־טישע אויפשטאַנדן, אָדער וועגן דער צייט פ ו ן ד ע ר ג ר ו י ס ע ר פ ר אַ נ צ ו י ז י ש ע ר ר ע וו אָ ל ו צ י ע!!

אין קיין אַזיאַטישן לאַנד, אויך ניט אין דער אַלטער אייראָ־פּעאישער וועלט פון גריכנלאַנד און רוים קאָנען מיר ניט געפי־נען אַ גלייכן צו די פאַרטיי־קאַמפן און ריכטונגען, וואָס האָבן געהערשט אין ארץ־ישראל אין די לעצטע יאָרן פון דעם יידישן שטאַט. די געשיכטע פון יענער צייט שטעלט פאָזיטיוו מיט זיך פאָר אַ מין פראָפעטישן פאָרשפּיל פון די א יי ר אָ פּ ע ־ א י ש ע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען מיט זייערע פּאָלי־טישע און סאָציאַלע רעוואָלוציעס.

עס איז דאָ ניט אונזער אויפגאַבע צו דערקלערן, ווי אַזוי און פאַר וואָס עס האָט געקאָנט געשען, אַז ארץ־ישראל, „אַ שטיק אייראָפּע״, זאָל „פאַרוואָגלט ווערן אין אַזיע״. באַמערקן מיר נאָר, אַז אָט די „פאַרוואָגלונג״ איז געשען אַ סך — אַ סך פריער איידער דער אויפקום פון די אויבן־דערמאָנטע פּאַרטייען און ריכטונגען. זי איז שוין קלאָר געוואָרן אין דעם אַכטן יאָר־הונדערט פאַר אונדזער צייט־רעכענונג, ווען עס זיינען ביי אונדז אויפגעקומען די סאָציאַלע נביאים מיט עמוסן בראש.

אַזעלכע סאָציאַלע היסטאָריקער, ווי מאַקס וועבער (אגב, ניט גאָר קיין פרייער פון אַנ־טיסעמיטיזם), דערקלערט די אָריגינאַליטעט פון דער אַלט־יידישער געשיכטע דורך דעם פאַקט, וואָס דאָס געזעלשאַפט־לעכע לעבן האָט גערוט ניט אויף שקלאַפעריי, ווי דאָס איז געווען ביי די אַנדערע פעלקער אַרום; נאָר אויף דעם עקאָנאָמישן פונדאַמענט פון דער פרייער פּויע־רימשאַפט. דער קליינער, אָבער פרייער קרעפטיקער פּויער האָט סאָציאַל־עקאָנאָמיש באַ־שטימט דעם כאַראַקטער פון די גייסטיקע און פיזישע קאַמפן אין יענעם לאַנד.

אין דער צייט מיט וועלכער מיר באַשעפטיקן זיך דאָ, זיי־נען גראָד די בית שמאי געווען דורכגעדרונגען מיט דער קליין־פּויערימשער פּסיכאָלאָגיע און מיט זייערע אינטע־רעסן. פּראָפעסאָר פינקלשטיין געפינט ביי די בית שמאי אפילו ביישפּילן פון אַ סימפּאַטישער באַציאונג צו דעם אַזוי אָנגערו־פענעם „עם הארץ״, ד. ה. דער אומוויסנדיקער פּויערימשאַפט. (זע זיין ענגליש ווערק וועגן די פרושים, באַנד צוויי, ז. 662).

אָבער אין דערזעלביקער צייט באַמערקט זיך אַן אָנוואַקס אויך פון ריינע פּראָלעטאַריער, פּועלים, און אָרעמע שטאָטישע באַלמעלאָכעס. זייערע פּסיכאָ־לאָגיעס און אינטערעסן גיסן זיך צונויף מיט די שטרעבונגען פון די קליינע פּויערים און מיט די אידעאַלן פון די איידעלע און דענקענדיקע מענטשן פון אַלע קלאַסן און ריכ־טונגען. און דאָס ברענגט אַרויס דעם אויפקום פון יענע פּאַר־טייען און גייסטיקע שטרעמונגען, וואָס לאָזן ווייט הינטער זיך די בית שמאי.

אָבער — אַ מערקווירדיקע זאַך! די טראַדיציע האָט אויפ־געהיט אַ טונקעלן זכרון פון יענער גייסטיקער קרובהשאַפט,

וואָס האָט געהערשט צווישן די בית שמאי און די ראַדיקאַלע ריכטונגען פון די זעלאָטן, די איסיים, די ערשטע יידנקריסטן און אפילו די סיקאַריער.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף אַ זייער אינטערעסאַנטן קאַפּיטל: די ווירקונג פון ישו הנוצרים אידייען אויף ר׳ אליעזר בן הורקנס און אויף זיינע משא ומתנס מיט די יידישע קריסטן: דאָס וואָלט אונדז אַוועקגעפירט צו וויים.

אין מיין ערשטער רוסישער שריפט: „די געדאַנקען וועגן די היסטאָרישע שיקזאַלן פון דער יידנשאַפט״ האָב איך ציטירט אַ שטעלע פון אברהם זאַקוטאָס „ספר יוחסין״, וואו די גרינדונג פון דער קאָמוניסטישער סעקטע „איסיים״ ווערט צוגעשריבן צו אַ תלמיד פון די בית שמאי, צדוק. דאָס איז זיכער פאַלש. גרעץ איז געווען, ווי מיר האָבן אויבן געזען, דער ערשטער, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט די סברה, אַז דער צדוק, וואָס האָט, לויט יאָזעפוס, געגרינדעט, אינאיינעם מיט יהודה הגלילי, די פאַרטיי פון די זעלאָטן, איז ניט קיין אַנדערער, ווי דער צדוק, דער תלמיד פון שמאי, וואָס ווערט דערמאָנט אין דער גמרא.

אברהם זאַקוטא (זכותא) האָט אָבער די היסטאָרישע דאַטן אין זיין „ספר יוחסין״ אַרויסגענומען פון עלטערע יידישע קוואַלן. צונויפמישן די קריגערישע זעלאָטן מיט די פרידלעכע איסיים איז זיכער אַ פעלער פון דער גאָר אַלטער טראַדיציע. ס׳איז אָבער אַ פאַקט, אַז אַ געוויסער טייל פון די איסיים איז, בעת דעם אויפשטאַנד אַנטקעגן רוים, אַריבער צו די קנאים און אינאיינעם מיט זיי העלדיש געקעמפט אויף דעם שלאַכטפעלד.

פון דער אַנדערער זייט געפינען מיר צווישן די נאָענטסטע תלמידים פון ישו דעם נוצרי, וואָס זיינען געוואָרן זיינע „אַפּאָסטאָלן״, אויך איינעם אַ זעלאָט: „שמעון הנקרא קנאי״ (לוקס ו׳, ט״ו).

פון די איסיים זיינען אַרויסגעוואַקסן די ערשטע יידישע קריסטן, די „אביונים״ אין זייערע ביידע ריכטונגען. ווי די איסיים בכלל, זיינען זיי געווען די קאָנסעקווענטסטע פּאַציפיסטן, אַבסאָלוטע קעגנער פון יעדער בלוט־פאַרגיסונג. די באַלמעלאָכעס פון די איסיים איז געווען פאַרווערט צו אַרבעטן אויף כלי־זיין. און פון דעסט וועגן געפינט זיך אַן

אַלטער היסטאָרישער מקור, נאָך עלטער, אײדער יאָזעפוס, װאָס מישט צונויף די איסיים ניט נאָר מיט די קנאים (זעלאָטן), נאָר אויך מיט די ס י ק א ר י ע ר, יענע רעוואָלוציאָנערע זע־לאָטישע ט ע ר א ר י ס ט ן, װאָס האָבן דורכגעפירט די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין ירושלים, פ א ר ב ר ע נ ע נ ד י ק אַ ל ע א י י ג נ ט ו ם ־ ד אָ ק ו מ ע נ ט ן (זע אין דער „דזשואיש ענציקלאָפּידיע", אין דעם אַרטיקל װעגן די זעלאָטן, באַנד צוועלף, ז. 640. דער אַלטער מקור ווערט אויך געבראַכט אין דער רוסישער „יעוורעסקאיא ענציקלאָפּעדיא", באַנד זיבן, זז. 722־723).

עס ווייזט דעריבער אויס, אַז די קליין־פּויערימשע בית שמאי זײַנען געווען, ווי אַ בריק צווישן „ר ע כ ט ס" — די אַרי־סטאָקראַטישע צדוקים און דעם סוחרים־קלאַס פון די בית הלל — און „לינקס": די אַלערלײ ר אַ ד י ק אַ ל ע ריכטונגען — פּאָליטישע, רעליגיעזע און סאָציאַלע — אָנגעהויבן מיט די זעלאָטן און ענדיקנדיק מיט די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע סי־קאַריער און די פּאַציפיסטיש־קאָמוניסטישע „איסיים" און „אבי־ונים" (אײַניקן דאָטן וועגן די צוויי לעצטע ריכטונגען ווערן געבראַכט אין מײַן שריפט: „דער סאָציאַליזם און די מאָראַל").

די פאַרשיידענע ט ע נ ד ע נ צ ן, װאָס האָבן באַהערשט די בית שמאי און די בית הלל, האָבן ניט אינגאַנצן פאַר־לאָרן זייער ווירקונג מיט דעם פאַרשווינדן פון די צוויי אָ ר ־ ג אַ נ י ז י ר ט ע ריכטונגען. סיי ביי די תנאים, סיי ביי די אמוראים געפינען זיך גענוג פלוגתות, װאָס דערמאָנען, לויט זיי־ער אינהאַלט און טענדענץ, די אויבן־געבראַכטע מחלוקת צווישן די בית שמאי און די בית הלל.

אַ מאָדערנער היסטאָריקער פון דער תלמודישער געזעצגע־בונג און פון דער תלמודישער שאַפונג בכלל וועט דאַרפן אויעקשטעלן יעדן שאַפער און יעדע שאַפונג אין אַ ס אָ צ י אַ ל ־ ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר ב אַ ל ײ כ ט ו נ ג און זען אויסצו־געפינען, וועלכע ריין־וו ע ל ט ל ע כ ע מאָטיוון האָבן דיק־טירט די אָדער יענע שטעלונג אין געזעץ, אָדער דעם אָדער יענעם א י י נ ש ט ע ל אין דעם וועלט־באַנעם און אין דעם לעבנס־בליק.

וואָס איז שייך די בית שמאי, מיט וועלכע מיר זעגענען זיך דאָ אָפּ, ווערן מיר זיכער ניט נתפעל פון זייער סאָציאַל־עקאָ־נאָמישער געזעצגעבונג, ווי הומאַנער זי זאָל אין אַ סך פּרטים

ניט זיין פאַר דער הילעליטישער. די ראַדיקאַלערע סעקטן און ריכטונגען פון יענער צייט לאָזן די בית שמאי וויט הינטער זיך.

אָבער מיר זיינען עד היום פול מיט דאַנקבאַרקייט צו די בית שמאי פאַר יענער שטרענגקייט, פאַר יענעם ריגאָריסטישן ערנסט, מיט וועלכן זיי האָבן געקעמפט פאַר דער דערהאַלטונג פון דעם יידישן פאָלק. דאָס האָבן ז י י, אַ סך מער, איידער די בית הלל, אַוועקגעלייגט — אין דער ריין־רעליגיעזער געזעצגעבונג — דעם י ס ו ד פאַר יענער מויער־וואַנט פון דעם תלמודיש־רבנימשן שולחן־ערוך־לעבן, וואָס האָט אונדז דערהאַלטן, ווי אַ באַזונדער פאָלק, ביז אויף דעם היינטיקן טאָג.